יואכים-יהויכין סטוטשעווסקי

# דער ווילנער באלעבעסל

(1816-1850)

לעגענדע וועגן א יידיש־מוזיקאלישן גאון

ביאגראפישע דערציילונג



דאָס לעבן און די אויפטועס פון "ווילנער באַלעבעסל" שטעלן מיט זיך פאָר אַן אויפטרייסלענדיקע מיסטעריע, וועלכע איז צעשווומען געוואָרן אין נעפּל פון עבר און קען היינט צו טאָג ווידער לעבעדיק געמאַכט ווערן נאָר דורך דער פרייער פאַנטאַזיע פון קינסטלער.

די ווייטערדיקע דערציילונג וועגן לעבן און טראַגישן סוף פון "ווילנער באַלעבעסל" איז אַ באַנייטער פּרווו לאָגיש צו פאַרבינדן די ווייניק באַקאַנטע ביאָגראַפישע פאַקטן, דאַטעס, פּסיכאָלאָגישע גורמים, אינדיווידועלע כאַראַקטער־שטריכן, סאָציאַלע און אָרטיקע באַדינגונגען און זיי צו געשטאַלטיקן אין דער ליטעראַרישער פאָרם פון אַ דערציילונג.

הגם אונדזער דערציילונג דרינגט אַרויס אָרגאַניש פון דער געשיכטע און פון גורל פונעם העלד, איז זי דאָך ניט קיין ווערטלעכע איבערגעבונג פון געשפּרעכן, באַגעגענישן און פּאַסירונגען. די געשעענישן ווערן געשילדערט אַזוי, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט אויסזען צו יענער צייט. די מענטשן און געשעענישן זיינען ניט קיין אויסגעטראַכטע און די פּאַסירונגען זיינען ביאָגראַפיש פאַראַנקערט, אָבער זיי זיינען פריי באַאַרבעט געוואָרן דורכן דערציילער, וועלכער האָט אַריבערגעשריטן די פאָרשונג־גרענעצן, געוויינענדיק נייע קאָנטורן און אַקצענטן, און זיי געשטאַלטיקט אין אַ קינסטלערישער פאָרם.

נאָר אויף אַזאַ אופן איז מעגלעך געוואָרן אַרויסצוהייבן די געשטאַלט פון "ווילנער באַלעבעסל" פון איר אַנאָנימקייט און שיכחה.

זאָל אָט די דערציילונג העלפן אויפהאַלטן זיין אייביקן אָנדענק!

ווער פון די יידן אין מזרח־אייראָפּע פון מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָט ניט געהערט דעם באַרימטן נאָמען "ווילנער באַלעבעסל"? [1] ווער האָט ניט געהערט וועגן זיין ווונדערבאַרן קול, אויפמונטערנדיקן געזאַנג און אייגן־געשאַפענע מיטרייסנדיקע ניגונים? וואָס מער מען האָט דערוואַרט פון אים און וואָס גרעסערע אויפגאַבעס עס זיינען פאַר אים געשטאַנען, אַלץ מער האָט ער איינגעשפּאַנט זיין גאַנצן כוח, כדי צו דער־גרייכן די העכסטע מדרגות. אָט די שטרעבונג צו שטענדיקער אַנטוויק־לונג, צו שלימות, האָט טיף געוואָרצלט אין זיין קינסטלערישער נאַטור.

א סך ראָמאַנטישע געשיכטעס האָבן צו יענער צייט קורסירט אין דער יידישער וועלט וועגן "ווילנער באַלעבעסל". אַלע, גרויס און קליין, מענער און פרויען, יידן און ניט־יידן, האָבן זיך מיט אים אינטערעסירט. אָבער נאָר אַ הייפל מענטשן האָט געהאַט אַן אַנונג וועגן זיין אמתער געשטאַלט, וועגן זיינע אינערלעכע קאָנפליקטן און סתירות. ער איז געווען ממש אויף אַ קינדישן אופן ניט דרייסט און פאַרשלאָסן אין זיך און ער פלעגט אויסמיידן צו ריידן וועגן זיין פּערזאָן. אָט די צוריקגעהאַלטנקייט זיינע האָט געשאַפן אַ ברייט פעלד פאַר די פאַנטאַסטיסטע געשיכטעס. שוין ביי זיין לעבן איז ער געוואָרן אַ לעגענדע, פול מיט ראָמאַנטיק און אויפ־טרייסלענדיקע טראַגישע קאָמפּליקאַציעס. אָבער ביי דער גאַנצער לע־גענדאַרישקייט פון די געשעעניש איז דאָך יעדער שריט, יעדער שטריך, יעדער געמיט־צושטאַנד — אין גרויסן ווי אין קליינעם, אין אַקציע ווי אין רעאַקציע — געווען אין אָט דער אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט לעבעדיקע ווירקלעכקייט.

## זיין לעבנסגעשיכטע

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1816 אין ליבאווע, לעטלאַנד. זיין נאָמען איז געווען יואל דוד לעווענשטיין. [2]
ער האָט געשטאַמט פון אַ חזנישער משפחה. זיין פאָטער האָט געהייסן

[1] באַלעבעסל האָט געהייסן אַ ייִנגל, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר בר־מצווה.
[2] עס זיינען פאַראַן געוויסע חילוקי־דעות בנוגע זיין אמתן פאַמיליע־נאָמען. אין געוויסע ערטער הייסט ער לעווינזאָהן (א. צ. אידלסאָן — "די חזנים־וועלט", וואַרשע). אין אַנ־

הירש (ברוך) ליפּאוער[3]) און איז אין משך פון פיל יאָרן געווען אַן אָנגעזעענער חזן אין ליבאָווע. אייניקע יאָר פאַר זיין טויט איז ער אַרויסגערופן געוואָרן קיין ווילנע, כדי דאָרט צו ווערן דער הויפּט־חזן אין דער שטאָטישער שול.

ווילנע — ירושלים דליטא — איז שוין דעמאָלט געווען אַ צענטער פון בליענדיקן יידישן לעבן, פון יידישער טראַדיציע און יידישן גייסט און זי האָט צוגלייך געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון חזנישן געזאַנג. ווילנע האָט געגעבן פון פאַרדינטן שם ווי דער צענטער פון די אָנגעזעענסטע חזנים. די גאַנצע ליטווישע חזנות צו יענער צייט האָט געהאַט אַן אייגענעם סטיל אין תפילה, וועלכער האָט אַרויסגעשטראַלט אין פאַרשידענע ניואַנסן, אָבער איז געווען לגמרי ווייט פון וועלכע עס איז פרעמדע השפעות, אָן באַפּוצונגען פון געזאַנג מיט קינסטלעך־איינמאָנטירטע קאָלאָראַטור־פּאַסאַזשן אָדער עפעקטן פון אָפּערן־אַריעס. דאָס פאַרטיפן זיך אין תפילה, און ניט די געזאַנג־קונסט איז געשטאַנען בראש פון דער ליטווישער חזנות.

צוויי גרויסע שולן האָט ווילנע פאַרמאָגט: די "ווילנער כאָרשול", אויף זאַוואַלנע גאַס — א צענטער פון קלאַסישן חזנישן געזאַנג (קאָמפּאָזיציעס פון זולצער, לעוואַנדאָווסקי, וויינטרויב, נוימאַן א״אנד). און די אַלטע, פון היסטאָרישער באַדייטונג "ווילנער שטאָטשול"[4]) אויף יידישע־גאָס, ווו ס׳האָט זיך פאַרוואָרצלט די עכטע, ספּעציפיש־טראַדיציאָנעלע חזנות פון מיטרייסנדיקער און איינדרוקספולער ווירקונג. דער באַרימטער חזן גערשון סיראָטאַ פלעגט זאָגן: "דער עמוד פון ווילנער שטאָטשול איז די בעסטע קאָנסערוואַטאָריע פאַר חזנים".

ביים אַריבערפאָרן פון ליבאָווער חזנס משפחה קיין ווילנע איז יואל דוד אַלט געווען ניט מער ווי זעקס יאָר. שוין ווי אַ קליין קינד האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ טיפער רעליגיעזער עמפּינדלעכקייט, מיט אַן אויסערגעוויינלעך גוטן מוזיקאַלישן געהער און מיט אַ גרויסער ליבע צו

דערע ערטער הייסט ער לעווענשטיין און אפילו סטראַשונסקי. ("אנציקלופדיה מוסיקלית" — הוצאת צ׳ציק, עמוד 134, תל־אביב). סטראשון איז געווען דער פאַמיליענאָמען פון זיין שפּעטערדיקן שווער. מיר שיינט, אַז דער אמתער פאַמיליע־נאָמען פון ווילנער באַלעבעסל איז געווען לעווענשטיין.

[3] ליבאָווע איז דורך די דאָרטיקע יידן אַרויסגערעדט געוואָרן ווי "ליפּאָווע".

[4] געבויט אין די יאָרן 1572/3.

געזאַנג. ער האָט פאַרמאָגט אַ קלאַנגפולן, שיין־קלינגעוודיקן און פאַר־כאַפּנדיקן קול. אַ סך שעהען פון זיינע יינגלשע יאָרן זיינען געווען אויס־געפילט מיט זינגען תפילות און פּאָלקסלידער. זיין שטימעלע איז געווען פון אַזאַ גלאַנץ און ווירקונג־כוח, אַז זי האָט אַרויסגערופן געוואַלדיקע התפעלות ביי אַלע צוהערער.

דער פאָטער, וועלכער האָט געזען די אומגעוויינלעכע פעאיקייטן פונעם יינגל, האָט באַשלאָסן צו געבן זיין זון אַן ערנסטע מוזיקאַלישע אויס־בילדונג. ער האָט גענומען פאַר אים פּאַסיקע לערער, וואָס האָבן אים געלערנט פידל און פיאַנאָ און גלייכצייטיק אויך פויליש און דייטש. אַזוי אַרום האָט דאָס יינגל ביסלעכווייז זיך אויסגעלערנט שפּילן, לייע־נען נאָטן און שרייבן. שריט ביי שריט איז ער אריינגעדרונגען אין דער פאַנטאַסטישער קלאַנגען־וועלט פון דער מוזיק. עס האָט לאַנג ניט גע־דויערט און ער האָט אָנגעהויבן שאַפן אייגענע ניגונים צו די תפילות און זיי פאַרצייכענען אויף נאָטן־פּאַפּיר. פאַרוואָס דען ניט? ער האָט עס דאָך געקענט! און זיינע ניגונים האָט ער געשאַפן כדי צו פאַרטיפן און פאַר־שענערן די תפילות! זיין אינערלעכן בונד מיט תורת־אלהים, מיטן גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, האָט ער אַריינגעשמאָלצן אין זיינע טענער, אין זיין מוזיק. אַ געריר'טער פלעגט ער באַטראַכטן די פאַשריבענע בלע־טער און באַוואונדערן זיין נאָטן־האַנטשריפט: "מיינע קאָמפּאָזיציעס! אויף שטענדיק פיקסירט! אויך אַנדערע חזנים וועלן זינגען מיינע ניגו־נים... אַ געוויסן טאָג וועט מען ריידן פון מיר, מיין נאָמען וועט צעטראָגן ווערן איבער שטעט און לענדער".

יוגנטלעכע פאַנטאַזיעס, חלומות. ער האָט אַנטפּלעקט אין זיך דעם וויברירנדיקן סטימול צו מוזיק. ער האָט זיך לחלוטין ניט געניויטיקט אין דעם, אַז דער פאָטער זאָל אים דערמאָנען ער זאָל זיך לערנען און לער־נען. ער אַליין האָט געהאַט דעם אינערלעכן דראַנג אויסצוברייטערן און באַרייכערן זיין וויסן.

צו עלף יאָר האָט יואל דוד איין מאָל, אויף אַ פּראָבע, פאַרטראָטן זיין טאַטן אין דער גרויסער שטאָטשול. ער איז אַרויף אויף אַ בענקעלע און זיך געשטעלט פאַרן עמוד. דאָס איז געווען אַ ניט־געוויינלעכע און זעל־טענע דערשיינונג. אַ קינד און שוין אַ שליח־ציבור? אָבער די אינטענסיווע האַרציקייט, די צאַרטע ניואַנסן פון זיין געזאַנג, די קדושה פון זיין

דאַווענען האָבן איבערגעשריטן אַלע דערוואַרטונגען און אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע התפעלות ביי די אַנוועזנדיקע. די מתפללים האָבן לאַנג ניט געקאָנט קומען צו זיך. אַזאַ זאַך געדענקט מען ניט פון קדמונים. און באמת: אַ נייער חזנישער שטערן האָט אויפגעשיינט. מען האָט ניט גע־פונען גענוג ווערטער און ברכות צו לויבן דאָס יינגל און צוצווינטשן אים ווי אויך דעם איבערגליקלעכן פאָטער. פון אַלע זייטן האָט זיך צעטראָגן דער רוף "מזל טוב, מזל טוב" און צענדליקער מענטשן האָבן אים געדריקט די האַנט. דאָס יינגל איז געשטאַנען און געשטראַלט פאַר פרייד. אַ צופרידענער האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין: "גאָט צו דאַנ־קען, ניט דורכגעפאַלן".

— דאָס איז אַ גוטער אָנהייב, מיין זון — האָט דער פאָטער שפּעטער גע־זאָגט. — אַ פולע הצלחה פון מיינע דערוואַרטונגען און האָפענונגען. דו האָסט זייער שיין געדאַוונט.

## די גבאיטע

אין דעם זעלבן געבענטשטן שבת איז אויף דער פאָדערשטער באַנק פון עזרת־נשים געזעסן ריינקע יודעלעס, די אויסגעפוצטע פרוי פון הויפּט־גבאי מאָטע סטראַשון. ווען יואל דוד האָט פאַרענדיקט די תפילות האָט זי אויסגעשריען: "אוי, אוי, וואָס פאַראַ שיין יינגל, וואָס פאַראַ שטימע, וואָס פאַראַ דאַווענען, ער האָט מיר צעריסן דאָס האַרץ".

זי האָט אַזש באַקומען היץ פאַר אויפרעגונג און מיט אַ גערירטער שטי־מע האָט זי ממשיך געווען: "דער קליינער גאָלדענער חזן מוז ווערן מיין איידעם. איך גיב אים מיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. ער מוז אומבאַדינגט געהערן צו אונדזער משפחה".

— ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג און ווער ווייסט צי זיינע עלטערן וועלן מסכים זיין — האָט זיך אָפּגערופן אַ שכנטע.

— גוט, גוט, וועסט שוין זען, אַז איך וועל זיין גערעכט...

ריינקע יודעלעס האָט געטראַכט ביי זיך אין האַרצן: האָב קיין מורא נישט, איך וועל עס שוין אויספירן. דאָס איז אַ זיווג מן השמים.

און אַזוי איז דאָס שפּעטער געוואָרן. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מען האָט געשריבן תּנאים. די חתונה איז פאָרגעקומען נאָך איידער יואל דוד איז געוואָרן בר־מצווה.

אָן ליבע און געפילן, ניט האָבנדיק קיין אַנונג וואָס ס'געשעט אייגנטלעך מיט אים, איז ער נאָך פאַר בר־מצווה געוואָרן אַ "באַלעבעסל", מיט אַן אייגענער וווינונג, מיט אַ פרוי, וואָס איז געווען פּונקט אַזוי יונג און אומדערפאַרן ווי ער און באַלד אויך אַ טאַטע פון קינדער.

אַ געפיל פון טיפן אומרו און אומזיכערקייט האָט אים באַהערשט: צי וועט זיין גאַנג אויפן וועג צו אַ מוזיקאַלישער קאַריערע אָפּגעהאַקט ווערן? צי איז דאָס לויבן דעם אויבערשטן דורך דער ריינקייט פון זיין שטימע און דורך דער אויפריכטיקייט פון זיין אמונה ניט קיין דער־הויבענער ציל? זיין יונג לעבן, שוין ניט פריי פון אַמביציעס און פון בולטן זעלבסט־באַוווסטזיין, האָט געהערט דעם געזאַנג, דער מוזיק. זינגען איז פאַר אים ניט קיין פּראָפעסיע, נאָר אַ טיף־פאַרוואָרצלטע אינערלעכע שליחות. צי קען ער פאַרלייקענען גאָט און זיך?

**הויפּט־חזן**

נאָך אַ קורצער קראַנקייט איז פּלוצעם דער טאַטע געשטאָרבן. דער יונ־גער יואל דוד האָט אַזש געשריען פאַר ווייטיק. ווי אַ פאַרשטיינערטער איז ער געשטאַנען נעבן דעם מת און שפּעטער, אַ דערשלאָגענער, אין טיפסטן צער פאַרזונקענער געגאַנגען הינטערן ארון. אַ צעבראָכענער האָט ער ביים אָפענעם קבר געזאָגט קדיש און אַ באַנומענער פון ווייטיק זיך צוריקגעקערט אין זיין היים ווו קיין פרייד איז ניט געווען. זייער שווער איז אים אָנגעקומען משלים צו זיין מיט דער אבידה און זייער לאַנגזאַם האָט ער זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מער וועט ער דעם געליבטן פאָטער ניט האָבן נעבן זיך.

זייער לאַנג איז ער אָבער אין דער טרויער־שטימונג ניט פאַרבליבן. די קהילה האָט זיך גענויטיקט אין אַ נייעם שליח־ציבור און מען האָט זיך לאַנג ניט איבערגעלייגט. צי איז דער אויסוואַל ניט געלעגן ווי אויף דער האַנט? ווער, אויב ניט דער זייער־באַגאַבטער זון, זאָל איבערנעמען

די ירושה פון טאַטן? און אַזוי אַרום איז דער פּערצן־יאָריקער יואל דוד, דער זון פון הירש ברוך, געוואָרן זיין פאָטערס יורש און האָט איבערגענומען די שטעלע פון אויבער־קאַנטאָר אין דער גרויסער, בכבודיקער ווילנער שטאָטשול און איז געוואָרן דער שליח־ציבור פון דער גרעסטער יידישער קהילה אין ליטע.

וואָס אַן אמת האָבן די ראשי־הקהל צוערשט אָפּגעשלעפּט מיטן חתמענען דעם הסכם. זיי האָבן נאָך געוואָלט צוואַרטן אַ פּאָר יאָר, ביז מען וועט ביים יונגן חזן דערזען דעם "שפּראָץ פון אַ בערדל", אָבער די איבעריקע קהילה־לייט, צוליב דער פאַרשטענדלעכער מורא אַז אַ צווייטע קהילה זאָל ניט אויסכאַפּן ביי זיי דעם אוצר, — זיינען געווען קעגן אָפּשלעפּן דעם ענין. נאָכקומענדיק דעם דרוק פון קהל האָבן די פּרנסים געחתמעט אַ הסכם מיט יואל דוד לעווענשטיין וועגן אַ פולן געהאַלט פון פיר רובל אַ וואָך (צו יענער צייט אַ גענוג גרויסע סומע), און ער פון זיין זייט האָט געדאַרפט יעדן טאָג מתפלל זיין שחרית און מנחה, אויסהערן אַ שיעור גמרא און דאַווענען פאַרן עמוד יעדן שבת און יום־טוב. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער סטאַביל־באַצאָלטער חזן פון דער שטאָטשול, מיט אַן אייגענעם גרויסן כאָר. אים איז געלונגען, ווי יונג ער איז געווען, פון שבת צו שבת, און פון יום־טוב צו יום־טוב, מיטצורייסן ביז טרערן די מתפללים מיט זיין נשמהפולן, איבערערדישן געזאַנג אין אייגענע איינדרוקספולע תפילה־קאָמפּאָזיציעס, געהאַלטן אין עכטן טראַדיציאָנעלן נוסח. ווייל שוין דעמאָלט איז ער געווען ניט נאָר אַ זינגער, ניט נאָר אַ חזן, נאָר אויך אַן אָריגינעלער שעפער. קיין שום לויב איז פאַר די ווילנער יידן ניט געווען צו גרויס פאַר זייער יונגן חזן. די ווילנער בעלי־בתים פלעגן זאָגן: "עס זיינען נאָך ניט געבוירן געוואָרן די נאָטן, וואָס מ'זאָל קענען מיט זיי פאַרצייכענען דעם "באַלעבעסלס ניגונים". (א. ליטווין, אין זאַמלבוך "ווילנע", ניו־יאָרק, אַפּריל 1935).

יעדן זומער פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין כאָר ארויספאָרן אויף אַ קאָנצערט־רייזע אין אַנדערע שטעט. אומעטום האָט זיין אויפטריט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע פאַראינטערעסירונג און זיינע תפילות אין באַגלייטונג פון כאָר פלעגן האָבן אַן ענטוזיאַסטישן אָפּקלאַנג.

זיין שם אַלס ערשטראַנגיקער זינגער איז באַלד אַרויס מחוץ דעם תחום פון דער יידישער סביבה. די קריסטן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן

האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומרייסן פאַר איינטריט־קאַרטן אין דער שול בעת די יידישע יום־טובים און דער עיקר צו "כל נדרי". שטאָלץ האָט ער געקענט זאָגן צו זיך אַליין: "מיין ציל איז דערגרייכט געוואָרן, אָן קאַמף, נאָר דורך לייסטונג".
אַזוי האָט דער יונגער ווילנער חזן געלעבט אין דער מיסטישער פרומ־קייט, וואָס האָט באַהערשט די דאָרטיקע יידן, האָט אַרומגענומען זייער גאַנצע עקזיסטענץ, רעגולירט די באַציונג צו גאָט און דאָס טאָג־טעגלע־כע לעבן. שחרית, מנחה און מעריב, דאָס שטענדיקע לערנען די הייליקע ספרים, צדקה און מצוות — אַזאַ איז געווען דער אינהאַלט און זין פון זייער ערדישער עקזיסטענץ. יראת שמים האָט באַהערשט דאָס לעבן, איז געווען דער מקור פון חכמה און גליק. אויך יואל דודס געזאַנג, זיינע תפילות, האָבן געדינט נאָר דעם אויבערשטן און דעם פאָלק. אַ וועלט — אָפגעשלאָסן אין זיך, ניט צום ענדערן און ניט צום אויסשעפּן.

## לכה דודי לקראת כלה

אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, מיט אַ נטיה צו איינזאַמקייט, האָט יואל דוד זינט די פריסטע יאָרן ליב געהאַט לענגערע שפּאַצירן. ער פלעגט וואַנדערן איבער פעלדער, לאָנקעס און וואַלד־וועגן, צווישן ביימער, זאַנגען און בלומען־בייטן. אַ ליבע צו דער נאַטור איז געלעגן טיף אין זיין יונגער נשמה. פאַר זיין אומרואיקן גייסט, פאַר זיין בענקשאַפטפולן האַרץ זיינען אַזעלכע שפּאַצירן געווען אָפטמאָל אַ גרויסע איבערלעבונג.
ווען זיין האַרץ פלעגט אין דער שטענדיקער שפּאַנונג פון נערוון ווערן אומרואיק, פלעגט אויפשאַלן אין אים דער רוף: "אַרויס צו די גרינע פעלדער! ווייט פון מענטשלעכע ישובים, אַוועק פון די קלאַפּאָטן פון די וואָכעדיקע טעג. אַרויס!... צו דער פרייער נאַטור פון גאָט!"
ערשט אויף אָט די איינזאַמע שפּאַצירן איז ער געווען ביכולת אָפּצוגעפינען זיין אינערלעכע רו און פרייהייט, זיין זעלבסט־באַוווסטזיין. שיינע, וואונדערבאַרע יוגנט־צייט!
ס'רוב האָט אים געצויגן צום טייך, צו דער ווילעי. פאַרחלומט, אָפּגע־זונדערט פון אַרום, געפאַנגען דורכן הפקרדיקן ריטעם און לאָקנדיקער

מעלאָדיע פון רוישנדיקן וואַסער, פלעגט ער לאַנגע שעהען שפּאַצירן לענג אויס די ברעגן פון טייך. מיט דער גאַנצער לוסט פון זיין פילבאַרער נשמה האָט יואל דוד גענאָסן פון דער אַרומיקער וווּנדערבאַרער רו. קוקנדיק פאַר זיך און האָרכנדיק אין זיך, גייט ער און ברומט שטיל אַ ניגון.

צי מערקט ער דאָס? דאָס האַרץ גייט אים אויס פאַר מתיקות און זיינע חושים ווערן וואַך. אין אים זינגט זיך שטענדיק. און איצט? צי האָט דאָס רוישן פון וואַסער אַרויסגעבראַכט אין אים קלאַנגלעכע אַסאָציאַציעס? וועגן וואָס טראַכט ער? צי שלייפט ער נייע מוזיקאַלישע איינפאַלן פאַר אַ תפילה? זיינע אויגן גליען, דאָס פּנים שיינט. די מוזיק שטראָמט צו די גוט־באַקאַנטע און אייגן־נאָענטע תפילה־ווערטער און אָט די ווערטער גלידערן זיך ספּאָנטאַן איין אין קלאַנגלעכן ריטעם. ער בלייבט שטיל. ער חזרט איבער. פאַרבעסערט. ברומט נאָך אַמאָל. איז ער צופרידן? באַהויכט פון שעפערישן אויגנבליק וואַנדערט ער ווייטער. אָ, די וועלט איז אַזוי שיין! . . .

אַ געוויסן פרייטיק... שפּעט נאָכמיטאָג... פאַרן אָנקום פון שבת..: וואַנדערט יואל דוד, אונדזער יונגער חזן, מיט באַפליגלטע שריט אַנטקעגן דעם בין־השמשות. פּלוצעם... האָט ער דעם איינדרוק, אַז ער זעט דייטלעך אויף אַ ניט־ווייטן מרחק אַ סטאַדע שאָף, אמתע ווייסע שאָף, בראש מיט יונגער פּאַסטושקע, הויך אין געשטאַלט און צניעותדיקע געקליידט. וואָס איז דאָס אַזוינס? צי זע איך גוט?

באַהערשט דורכן איבערראַשנדיקן בילד, מיטגעריסן פון דער פּאַסטושקעס שטראַלנדיקער שיינקייט, וואַרפט ער זיין בליק איבער דער סטאַדע... אין ווייטן אין־סוף. די גאַנצע דערשיינונג געדויערט ניט מער ווי אייניקע רגעס און זי פאַרשווינדט שנעל אין דער דעמערונג פון דער אונטערגייענדיקער זון. פאַרזונקען אין דאָס בילד און יואל דוד בלייבט אַ ווײַלע שטיין ווי פאַרגליווערט. ער האָט אויפגענומען די התגלות — און אַזאַ איז משמעות געווען די דערשיינונג — מיטן גאַנצן ברען פון אַ טרוימער. אַ זעלטענע וויזיע!

צי איז דאָס ניט געווען די דערהויבענע שבת־מלכה? צי האָט זי ניט אויסגעשטרעקט צו מיר אירע הענט?

אַזעלכע מחשבות האָבן דורכגעשטראָמט זיין האַרץ און באַהערשט זיין

פאַנטאַזיע. די התרוממות און שיינקייט, וועלכע ער האָט אין אָט דער קורצער וויזיע איבערגעלעבט און אָפּגעפּילט, האָבן זיך תיכף פאַרוואַנ־דלט אין טענער, אין מוזיק. באַפליגלט דורך אַ מאָמענטאַנער אינספּי־ראַציע האָבן אין זיין קאָפּ זיך אָנגעהויבן צו געשטאַלטיקן מוזיקאַלישע פראַזן, קליינע מאָטיוון און באַצירונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צום שבתדיקן ליד "לכה דודי".

די זון גייט באַלד אונטער. עס איז די העכסטע צייט זיך צו איילן אין שול, צום דאַוונען. די מוזיקאַלישע געדאַנקען פאַרשנעלערן זיינע טריט. אַ טיף־דורכגעדרונגענער מיטן אינהאַלט און ריטם פון די ווערטער צו זמירה וועגן קבלת שבת, פורעמט ער גלייך אויס דעם טעקסט און די מוזיק צו אַ נייער קאָמפּאָזיציע.

אין שול שטייט פאַרן עמוד יואל דוד. אין שבתדיקער התרוממות האָרכט דער קהל דאָס ניי געשטאַלטיקטע געזאַנג פון דער אַלטער שירה, וועל־כע דער יונגער חזן זינגט אונטער דער השפעה פון דער נאָרוואָס אי־בערגעלבטער התגלות. אָט דער "לכה דודי לקראת כלה" האָט גערעדט צו דער נשמה פון יעדן יידן. אַ טיפע שטילקייט האָט געהערשט אין שול. קיינער האָט ניט געוואַגט אפילו צו אָטעמען. מיטגעריסן האָרכן זיי דעם שטראָמיקן געזאַנג. ווי הערלעך ער זינגט היינט! שטראַלנדיק, מעכטיק, פאַרכאַפּנדיק! ער צעפלאַקערט די נשמות פון די מתפללים, דערהייבט זיי איבער דער וואָכעדיקייט, איבער זיך גופא און פירט זיי צום בורא עולם, צום אַלמעכטיקן. דאָס איז די שענסטע קאָמפּאָזיציע, וואָס קהל האָט ביז איצט געהערט פון יונגן חזן. אַן אומבאַשרייבלעך געפיל פון גליק לאָזט איבער הינטער זיך יואל דודס הימן צום שבת.

און ער גופא?

אויף די פליגלען פון געזאַנג שוועבט ער אין די הויכע עולמות. אַ שטראַלנדיקער מלך, וואָס באַגריסט זיין וווּנדערשיינע כלה!

אַזאַ איז די לעגענדערע אַנטשטייאונג פון באַרימטן "לכה דודי" פון וויל־נער באַלעבעסל. אַזוי האָבן זדי דערציילט די ווילנער יידן.

## גורלדיקע באַגעגעניש

נאָך 1839 האָט אין ווילנע געלעבט איייניקע יאָר ווי אַ פּריוואַטער מוזיק־לערער און אָרגאַניסט דער שפּעטערדיקער, ווייט איבער די גרענעצן פון זיין היימלאַנד באַרימט־געוואָרענער פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ.[5]

נאָך דעם ווי דער שם פון חזן און דער רום פון זיין געזאַנג־קונסט איז אויך דערגאַנגען צו די קריסטלעכע קרייזן, איז קיין וואונדער ניט, אַז אויך דער ערנסטער און געבילדערטער מוזיקער מאָניושקאָ האָט זיך געוואָלט אַליין איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון די קלאַנגען. דער עכטער מוזיקער גלויבט נאָר אין דעם, וואָס זיינע אויערן הערן.

אַ געוויסן שבת פּאַרמיטאָג איז מאָניושקאָ אַוועק אין שטאָטשול הערן יואל־דודן דאַווענען. אָן שום פּאָראורטיילן און פון פאָרויס־אָנגענומענע מיינונגען, גיכער מיט אַ געוויסן סקעפּטיציזם כלפּי דעם יידישן "געזאַנג־גאון". דאָס וואָס ער האָט אָבער געהערט האָט תיכף געענדערט זיין האַלטונג צום גוטן. יואל דודס געזאַנג איז באמת געווען דערשטוינענדיק. דאָס איז געווען עכטע, איבערצייגנדיקע קונסט. ווי אַלע צוהערער, אַזוי איז אויך מאָניושקאָ געוואָרן פאַרכישופט פון אָט דעם געזאַנג, מיטגעריסן ביז זעלבסט־פאַרגעסנקייט. דער איבערראַשטער מאָניושקאָ האָט זיך נאָר געשטעלט די פראַגע: ווי קומט צו אָט דעם יונגן זינגער מיטן פיינסטן מוזיקאַלישן חוש, די פרירייפע געזאַנג־קונסט, וועלכע איז אַזוי רייך ניואַנסירט און שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום טעכנישע שוועריקייטן? פון וואַנען האָט ער זי גענומען? ווער האָט זי אים אויסגעלערנט? פאַר מאָניושקאָן איז קלאָר געווען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ מענטשן מיט זעלטענע קינסטלערישע פעאיקייטן. זיין פּנים איז געוואָרן

[5] סטאַניסלאַוו מאָניושקאָ, געבוירן 1819 אין אוביל, מינסקער גובערניע, געשטאָרבן 1872 אין וואַרשע. ער האָט שטודירט אין וואַרשע און ווין. נאָכדעם ווי ער האָט געלעבט איייניקע יאָר אין ווילנע, אַרויסציענדיק אין דחקות זיין חיונה אַלס אָרגאַניסט און מוזיק־לערער, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו ער איז געוואָרן דיריגענט אין דער אָפּערע און שפּעטער אויך פּראָפעסאָר אין קאָנסערוואַטאָריע. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך אָפּערעס, באַלעטן, קאַנטאַטעס און קלאַוויר־שאַפונגען, ווי אויך אַן ערך 400 לידער. זיין אייגנאַרטיקע, מעלאָדישע אָפּערע "האַלקאַ" ווערט באַטראַכט ווי די פּוילישע נאַציאָנאַלע אָפּערע. זי איז אויך שטאַרק פּאָפּולער מחוץ די גרענעצן פון וילן.

נאָך ערנסטער און געשפּאַנטער. צום סוף פון דאַווענען איז מאַניושקאַ, אַ געריירטער פון דער טיפער איבערלעבונג, שנעל צוגעגאַנגען צום חזן, זיך פאַרגעשטעלט און אים פעסט געדריקט די האַנט, באַשיטנדיק אים מיט אַ סך קאָמפּלימענטן.

— קומט צו מיר אַריין אין אַ פּאָר טעג אַרום, איך מוז אומבאַדינגט ריידן מיט אייך. פאַרגעסט ניט — האָט מאַניושקאַ געזאָגט און איז שנעל אַוועק.

יואל דוד איז לאַנג געשטאַנען אַ צעטומלטער, פילנדיק נאָך דעם וואַרע־מען דרוק פון מאַניושקאַס האַנט. אינערלעך האָט ער געגלויבט, אַז ער פאַרשטייט די געפילן פון באַקאַנטן מוזיק־לערער און זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן.

מאַניושקאַ גופא האָט שפּעטער געזאָגט צו זיינע פריינד: "איך גלויב, אַז ער פאַרמאָגט עפּעס. אַ זעלטענער יונגערמאַן, הויך מוזיקאַליש".

**דער וועג צו מוזיק**

אומדערוואַרט און אויפריכטיק דערשטוינט האָט מאַניושקאַ זיך דער־וווסט, גלייך ביים ערשטן באַזוך פון יונגן יידישן זינגער, אז ער שפּילט אַביסל פידל און פּיאַנאָ. דער מוזיקער האָט אַזוי אַרום באַקומען אַן אַריינבליק אין יואל דודס "אויסגעטראַכטע" ניגונים צו פאַרשיידענע תפילות. יואל דודס קאָמפּאָזיציעס האָבן פולשטענדיק באַפרידיקט דעם דערפאַרענעם מוזיקער און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין ספּאָנ־טאַנעם ווונטש צו העלפן דעם יונגן יידישן זינגער, צו געבן אים לעקציעס אין קלאַוויר־שפּיל און אין מוזיק־טעאָריע. געזאָגט און געטאָן. ביידע האָבן באַשטימט די אונטערריכט ־שעהען און ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַ לעבעדיקער קאָנטאַקט צווישן שילער און לערער. מאַניושקאַס קינסט־לערישער גייסט, זיין ליידנשאַפטלעכע וויטאַליטעט, זיין אומדערמיד־לעך אַריינדרינגען אין אַלע מוזיקאַלישע פּראָבלעמען זיינען געווען פון אַזאַ אינטענסיווקייט, אַז זיי האָבן געמוזט משפיע זיין אויפן יונגן חזן און אים אָנשטעקן. אין גאַנג פון דער געמיינזאַמער אַרבעט איז ביי מאַנ־יושקאָן רייף געוואָרן דער געדאַנק אַראָפּצוברענגען יואל דודן קיין וואַר־

שע. דאָס איז געווען אַ געהיימער פּלאַן, וועלכן ער האָט געהאַט בדעה צו פאַרטרויען זיין יונגן פריינד ניט מיט איין מאָל, נאָר בהדרגהדיק.

עס איז צו שטוינען ווי שנעל און ענערגיש מאַניושקאָס באַגייסטערונג פאַר דעם פרומען יידישן זינגער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין מעשים. דער פוילישער מוזיקער האָט דורכויס געוואָלט ענדערן יואל דודס לעבן. מיט זיין גאַנצן פערזענלעכן און מוזיקאַלישן איינפלוס האָט מאַניושקאָ זיך באַמיט משפיע צו זיין אויף אים ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון חזנות אין דער שטאָטשול, אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, כדי צו פאַרפולקומען אויף אַלע געביטן פון מוזיק זיין גרויסן מזיקאַלישן טאַלאַנט. מאַניושקאָ איז געווען שטאַרק איבערגענומען מיט אָט דער אידעע, וועלכע האָט אים באַהערשט אין אַזאַ מאָס, אַז ער האָט אַזש פאָרגעזאָגט יואל דודן אַ גלענצנדיקע צוקונפט און אַ וועלט־באַרימטן נאָמען.

דער דערפאַרענער פעדאַגאָג און פסיכאָלאָג האָט משמעות דערטאַפּט דעם שוואַכן פונקט פון זיין שילער. אין גאַנג פון די פילצאָליקע געשפרעכן (יואל דוד האָט דערביי זיך גוט אויסגעלערנט די פוילישע שפּראַך) האָט ביסלעכווייז אויפגעטויכט דער פּראַקטישער פּלאַן פון אַ נסיעה קיין אויסלאַנד, אַ פּלאַן, וואָס האָט לחלוטין צעטרייסלט זיין גאַנץ געמיט.

מיט אַן אינערלעכן אומרו און פאַרטיפט אין מחשבות האָט יואל דוד דאָסמאָל פאַרלאָזן די מוזיק־לעקציע. אין דער איידעלער, צו טרויער געניגטער נשמה פונעם יונגנמאַן האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ העפ־טיקער קאַמף פון סתירותדיקע געפילן און געדאַנקען. אַ שטרייט צווישן דער גורל־פאַרבונדענער, ענגער געטאָ־וועלט און דער שימערירנדיקער לאָ־קונג פון דער ווייטער "פרייער" וועלט, אַלס "אייראָפּעאישער קינסט־לער".

זייענדיק פון דער נאַטור און דורך זיין דערציונג, זינט זיין קינדהייט, שטאַרק פאַרבונדן מיטן רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן שטייגער, האָט ער זיך דאָך אין דער זעלבער צייט ניט אָפּגעשלאָסן פון די נייע אָנשויאונ־גען, וואָס האָבן געשטראָמט פון דער השכלה צווישן די ליטווישע יידן. צי האָט ער זיך סקעפּטיש קעגנגעשטעלט דעם נייעם גייסט ? צי האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פונעם אָנקום פון אַ נייער ,רעוואָלוציאָנערער תקופה ?

דערווייל האָט ער אָנגעהויבן צו צווייפלען אין זיין קאַריערע אַלס זינ־

גער און מוזיקער. צי איז מוזיק און זינגען ניט געווען זיין שליחות? צי זאָל ער זיך דאָ פאַרשפּאַרן אָן אויסזיכטן אויף ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג און שלימות, צי זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון אַ גלאַנצפולער צו־קונפט, פאַר וועלכער ער האָט אָן ספק אַלע פעאיקייטן? צי זאָל ער נאָכיאָגן דאָס אומבאַוווּסטע און זיך לאָזן פאַרפירן דורך אַן אילוזיע? צי וועט ער ניט ביים ערשטן קאָנטאַקט מיט אַ פרעמדער ווירקלעכקייט אומברחמנותדיק צעשמעטערט ווערן? אַלץ פראַגעס, וואָס האָבן געמאַ־טערט זיין מוח, געזוכט ענטפערס און אַנטשיידונגען.
מאָניושקאָ האָט ניט אָפּגעשוואַכט זיינע באַמיאונגען. ביי יענער ווײַ־טערדיקער באַגעגעניש האָט ער פאַרשטאַרקט זיין דרוק אויף יואל דודן. "מיט דיין טאַלאַנט שטייט דיר פאָר צו פאַרנעמען אין דער מוזיק־וועלט אַן אַנדער אָרט, ווי דו פאַרנעמסט דאָ, אין די ענגע פאַרהעלטענישן פון דיין קהילה. גיי אַהיים און טראַכט זיך גוט אַריין אין דעם".
צעטרייסלט ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון זיין וועזן דורך מאָניוש־קאָס פאַכמעניש קאָמפּעטענטן אורטייל און זיינע כסדרדיקע פאַרזי־כערונגען, האָט יואל דוד איבערגעלעבט אומרואיקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, ביז ער האָט אָנגעהויבן זיך צו וואַקלען. ער האָט שוין מער ניט געצווייפלט אין דעם, אַז "אין דרויסן" וועט ער האָבן געוואַלדיקע דער־פאָלגן און דער שטורעם פון געפילן האָט אים מיטגעריסן. ער האָט געהאַלטן אין איין מורמלען צו זיך אַליין: "צי זאָל איך ריזיקירן, אָדער זאָל איך דאָ, אין דער ענגער און איינזייטיקער וועלט — ווען זי איז אפילו פאַרבונדן מיטן בורא עולם, — צעטרענצלען מיין טאַלאַנט און מוזיקאַלישע פעאיקייטן? וואָס זאָל איך טאָן?" ער האָט ניט געקאָנט צוריקגעפינען זיין רו און קיין ענטפער אויף די סתירותדיקע פראַגעס. זאָל ער אַוועקפאָרן? אָבער אויף ווי לאַנג? אויף אַ באַשטימטער אָדער אומבאַשטימטער צייט? פאַרלאָזן די פרוי און די קינדער? און ווי זאָל ער איבערצייגן די משפחה, די קהילה, אין דער נויטווענדיקייט פון אַזאַ נסיעה? ווי אַזוי געווינט מען זיי פאַר זיין אידעע?
פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז די משפחה, ווי זי וועט נאָר הערן אפילו אַ רמז וועגן זיין פּלאַן אַוועקצופאָרן, וועט דאָס פשוט האַלטן פאַר אַ משוגעת און זי וועט זיך שאַרף אַנטקעגנשטעלן. אויף קיין שום פאַל

וואָלטן זיי ניט מסכים געווען צו דעם און וואָלטן אים ניט געגעבן קיין ברכה אויפֿן וועג.

אָבער וואָס פֿאַראַ באַדייט האָבן באַגרינדעטע מאָטיוון און שווערע קאָנפֿליקטן מיט די נאָענטסטע, ווען די פֿאַנטאַזיע מאָלט מיט פֿייערדיקע שטריכן אַ רומפֿולע צוקונפֿט?

לאַנג האָט יואל דוד ניט אויסגעהאַלטן מיט זיין צווייפֿלען און זיינע מחשבות. דער געדאַנק וועגן אַ רייזע קיין אויסלאַנד, וועגן מוזיק־שטודיום אין אַ באַרימטער קאָנסערוואַטאָריע, פֿאַרבונדן מיט קאָנצערטן, האָט אים פֿאַרשיכורט און פֿולשטענדיק באַהערשט זיין דמיון. פֿון איצט אָן האָט ער געוווּסט נאָר איין זאַך: "דאָס מוז געשען! אַוועק פֿון דער דערדריקנדיקער וואָכעדיקייט".

בעת אַ שפּעטערדיקן באַזוך האָט אים מאָניושקאָ אויפֿגענומען מיט דער פֿראַגע: "פֿאַרוואָס האָט מען דיך אַזוי לאַנג ניט געזען?" אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער אינסטינקטיוו געפֿילט, אַז אין דער האַלטונג פֿון זיין שילער איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג. באַהערשנדיק דעם מצב האָט ער גלייך אַ זאָג געטאָן:

— צי ביסטו ענדלעך גרייט אַלץ איבערצולאָזן און אַוועקפֿאָרן מיט מיר, קודם־כּל קיין וואַרשע?

יואל דוד האָט לאַנג געשוויגן. אָבער ער האָט גאָרניט געדאַרפֿט זאָגן, כּדי פֿאַרן לערער זאָל קלאָר ווערן אויף וואָס זיין שילער איז איצט דעצידירט. יאָ, ער איז געווען אַנטשלאָסן. מיט גרויס כּבוד און פֿאַרערונג האָט יואל דוד געקוקט אויף זיין לערער און פֿריינד. "ווען דאָס מוז אַזוי זיין, ווען איר, טייערער מייסטער, זייט באמת איבערצייגט אין דער נויטווענדיקייט, בין איך... גרייט..." דער יונגער חזן האָט טיף אָפּגעזיפֿצט. מאָניושקאָ האָט פֿאָטערלעך אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און זיך אָפּגערופֿן מיט שטראַלנדיקער פֿרייד:

— מוט, מיין ליבער, נאָר מוט! אָן פּחד! דו פֿאָרסט מיט מיר! אָפּגעמאַכט! איך וועל שוין דערליידיקן דעם ענין מיט דער קהילה און מיט דיין משפּחה. איך ווייס שוין ווי אַזוי, פֿאַרלאָז זיך אויף מיר.

אַ פֿאַרכאַפּטער פֿון זיין פּלאַן האָט מאָניושקאָ געמאַכט אַלע מעגלעכע באַמיאונגען איינצוברעכן די עקשנותדיקע קעגנערשאַפֿט פֿון די ווילנער יידן. אָבער די זאַך איז אים ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען. מאָניושקאָ

האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן די מנהגים, וואָס האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער זיך אויסגעשמידט אין פעסטע געזעצן, און פון די סובּ־לימירטע לעבנס־געוווינהייטן און דער מענטאַליטעט פון די יידן. ער האָט ניט געוווּסט אויף וועלכע שוועריקייטן ער וועט זיך אָנטרעפן ביים דורכפירן זיין פּלאַן. קעגן זיינע באַמיאונגען איז געשטאַנען דער אומווילן פון דער משפחה און דער ענערגישער ווידערשטאַנד פון די קהילה־לייט און גבאים. "זאָלן זיי אַוועקלאָזן זייער באַליבטן חזן? זאָל מען אים לאָזן פאָרן צו פרעמדע מענטשן, צו די פּוילישע גויים? וואָס דערוואַרט אים דאָרט? וואָסערע גאָלדענע גליקן וועט ער האָבן אין אויסלאַנד? וואָס פעלט אים אייגנטלעך דאָ ביי אונדז? פאַרשאַלטן זאָל זיין דער פאַרדאָרבענער איינפלוס פון פּוילישן מוזיקער! וואָס פאַרא טמאדיקע געדאַנקען האָט ער דערוועקט אין אונדזער חזן, אין אונדזער יואל דוד בן הירש ברוך ז"ל? וויי איז צו אונדז!"

די גאַנצע ווילנער קהילה האָט געקאָכט. אויף אַלע יידישע גאַסן און געסלעך האָבן זיך געזאַמלט גרופּעס פון אויפגערעגטע מענטשן, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו דיסקוטירן וועגן דער שרעקלעכער פּאַסירונג.

צי האָבן די יידן אים שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם?

און אין שטוב — אַ גיהנום!

די יונגע פרוי האָט פון גאַרניט געוואָלט הערן. דאגהנדיק וועגן דער משפּחה, איז זי אַרומגעגאַנגען אַ פאַריאָמערטע, געבראָכן די הענט אין פאַרצווייפלונג און זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל ניט פאַרלאָזן די היים. מענטשן זיינען אַריין און אַרויס און געבראַכט אומרו אין דער ווינונג. די קרובים האָבן ביי יעדער באַגעגעניש אים געמאַכט האַרבע פאָרוווּרפן צוליב זיין לייכטזיניקייט און אומבאַגרייפלעכער טריילאָזקייט כלפּי זיך אַליין, כלפּי דער משפּחה און דעם יידישן פאָלק! פון טאָג צו טאָג איז יואל דוד געוואָרן אומגעדולדיקער און אין זיין פאַרביטערונג האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין: "צי בין איך לחלוטין פאַרקנעכט צו זיי?... צי קען איך ניט טאָן דאָס וואָס מיר געפעלט, דאָס וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק?". ביטער זיינען געווען פאַר אים די טעג און אומהיימלעך די נעכט.

צו די רייד האָט ניט געקומען קיין סוף: מיטן ווייב, מיט די קרובים, מיט די קהילה־פּרנסים, מיט פאַרשיידענע חשובע בירגער פון שטאָט.

אַלע יידן זיינען געווען קעגן יואל דודס נסיעה און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז "ניט אַנדערש, נאָר דאָס איז "מעשה־שטן".
מאַניושקאָ האָט געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו ברעכן די עקשנות פון די ווילנער יידן. קודם־כל איז אים געגאַנגען זיי איבערצוצייגן אין זיינע גוטע און ערלעכע כוונות. ווייטער האָט ער געהאַלטן, אַז ס׳איז כדאי צו מאַכן די גרעסטע באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען, כדי אַרויסצורייסן דעם יונגן, פּעאיקן מאַן פון דער ענגשאַפט, אין וועלכער זיין גרויסער טאַלאַנט וועט אָן ספק פאַרלוירן גיין. מיט גרויס מי איז ענדלעך גע־לונגען מאַניושקאָן אַרויסצובאַקומען די הסכמה פון דער משפחה און פון די פּרנסים אויף אַ רייזע קיין וואַרשע, ווו ס׳לעבן דאָך סוף כל סוף אויך אַ סך יידן, כדי יואל דוד זאָל דאָרט געבן נאָר איין קאָנצערט.
בסוד איז אָבער געווען אָפּגעמאַכט צווישן לערער און שילער, אַז דער וואַרשעווער קאָנצערט דאַרף נאָר געבן די געלט־מיטלען אויף רייזע־הוצאות קיין בערלין, ווהין ער וועט מיט דער הילף פון איינפלוסרייכע מוזיק־פריינד אַוועקפאָרן, כדי זיך צו לערנען אין דער דאָרטיקער קאָנ־סערוואַטאָריע.
כדי אָבער אָפּצוהיטן יואל דודן פון יעדן "מכשול" אין דער פרעמד, האָט די קהילה באַשלאָסן, אַז אין וועג זאָל אים באַגלייטן אַ מנין יידן, בראש מיטן באַס פון שול־כאָר "שייקע פייפער".
ענדלעך האָט מען געקענט זיך גרייטן צו דער נסיעה, זיך געזעגענען און אַרויספאָרן אין אומבאַוווסטן עתיד. איצט האָט מען דאָס שוין ניט געקענט פאַרמיידן. דאָס כלומרשט אוממעגלעכע איז געוואָרן מעגלעך און דאָס ניט־וואַרשיינלעכע איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. דער לערער און שילער האָבן פּשוט ניט געקענט גלויבן, אַז אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט כשורה. אין אַ געוויסן טאָג האָבן מאַניושקאָ, יואל דוד און זיינע באַ־גלייטער פאַרלאָזן ווילנע. אויף ווי לאַנג?
דאָס איז די פאַרגעשיכטע פון "ווילנער באַלעבעסל". מיט זיין אָנקום פוילנס הויפּטשטאָט האָט ער געעפנט אַ ניי בלאַט אין זיין לעבן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער ציקל פאַסירונגען, וואָס האָבן געשאַפן אַ פעלד פאַר נייע לעגענדעס.[6]

[6] אין דער אַלטער "יידיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע" ווערט בכלל ניט דערמאָנט דער עפּי־זאָד מיט מאַניושקאָן. דאָך איז די מעשה אַ פולשטענדיק אויטענטישע.

# וואַרשע

מיט האַרץ־קלאַפּעניש און אויפגעריסענע אויגן האָט יואל דוד, וועלכער איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ בילד־שיינער מאַן, באַטראָכטן דעם באָדן פון וואַרשע. אַזאַ איז, הייסט עס, די הויפטשטאָט פון פוילן. די גאַסן פון מיט מענטשן: פּאָליאַקן, יידן, אוקראַינער, באַאַמטע, אָפיצירן, זעלנער, הענדלער, אַרבעטער, שיין־געקליידעטע פרויען אַ גרויס־שטאָטיש לעבן. ער האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער שיינער שטאָט. ער האָט זיך קוים געקאָנט באַפרייען פון איינדרוק: איז ער באמת אין וואַרשע? אַ טריט פאָרויס איז געמאַכט געוואָרן. צום גוטן? צום שלעכטן?

פריידיק וואַנדערט ער איבער די אַלייעס, גאַסן און געסלעך. מאָניושקאָ איז זיין פירער און עצה־געבער. אַ נײַ לעבן הייבט זיך אָן... ער איז אי־בערגליקלעך! ווען האָט ער ווילנע פאַרלאָזן? צי בענקט ער אַהיים? אויף קיין איין רגע ניט?

יואל דוד לעווענשטיין, דער "ווילנער באַלעבעסל", הויפּט־חזן פון וויל־נער שטאָטשול, איז אויך אין וואַרשע געווען באַקאַנט. זיין שם איז אים געגאַנגען פאָרויס און זיין דאַווענען אין דער וואַרשעווער סינאַגאָגע האָט אַרויסגערופן דעם דערוואַרטן עפעקט. אַן איבערגעוויינלעכער כוח האָט געשטראַלט פון זיין זינגען און פון זיין דאַווענען. אויך אַלס קאָנצערט־זינגער איז ער באַלד באַרימט געוואָרן. דער ערשטער עפנטלעכער קאָנ־צערט, וואָס מאָניושקאָ און זיינע פריינד האָבן איינגעאָרדנט, האָט צו־געצויגן אַן אומגעהויער גרויסן עולם, וועלכער האָט געמאַכט דעם זינ־גער אַן ענטוזיאַסטישע אָוואַציע. ער האָט זיך שנעל פאַרוואַנדלט אין דער "מוזיקאַלישער סענסאַציע" פון וואַרשע. פון קאָנצערט צו קאָנצערט איז ער געוואָרן אַלץ באַרימטער און די גאַנצע פוילישע אַריסטאָקראַטיע, די העכערע רוסישע מיליטער־באַאַמטע, און אוודאי די וואַרשעווער יידן, האָבן אים פשוט געטראָגן אויף די הענט. ער איז באַשאָטן געוואָרן מיט בלומען און מתנות. אין באַגייסטערונג פלעגט דער עולם אין זאַל ניט אויפהערן צו שרייען: "בראַוואָ, בראַוויססימאָ"! און "ביס־ביס". צום סוף פון יעדן קאָנצערט פלעגן אים אַרומרינגלען מענער און פרויען, האָבן אים געדריקט די הענט און באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן. און שטענדיק

פלעגט ער הערן איבערחזרן די זעלבע ווערטער: „וואונדערבאַר”! „אַן אומפאַרגלייכלעכער טאַלאַנט”! „איר האָט נאָך קיינמאָל ניט געזונגען אַזוי שיין ווי היינט”! „איר האָט זיך אַליין איבערגעשטיגן”!
די פּאָליאַקן האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו שיטן מיט קאָמפּלימענטן. אין טומל פון באַגייסטערונג האָבן זיי דערוויי‌ל זיך ניט געמאַכט זעענדיק, אַז דער מאָמענטאַנער פּאַרוואָריט איז אַ ייד. אומצייטיקע מאָל האָט ער געמוזט אויסהערן די זעלבע פראַזן, אָבער ער האָט גאָרניט געקענט טאָן קעגן דעם. ער איז מער ניט געווען אַליין אויף דער וועלט. ס'האָט אים באַהערשט דאָס וואונדערבאַרע געפיל, אַז מען טוט עפּעס אויף, אַז מען האָט באַקומען חשיבות צווישן מענטשן. מיט איין קלאַפּ האָט ער דעראָבערט די ברייטסטע שיכטן פון וואַרשע און דער סביבה. אַלץ איז געווען אַזוי ווי ער האָט זיך געוווּנטשן. אַ צוזאָגנדיקער לעבנסוועג איז געלעגן פאַר אים.[7]) זיינע „שומרי־ראש”, זעענדיק אַז זיי זיינען אים מער ניט נויטיק, האָבן שוין פון לאַנג פאַרלאָזן די שטאָט און אַוועקגעפאָרן צוריק קיין ווילנע, וווּ זיי האָבן דערציילט וועגן זיינע טריאומפן. ענדלעך איז יואל דוד געווען פריי!
אַריינפאַלנדיק אין מצב פון אַן אָנגעזעענעם קינסטלער האָט אָבער יואל דוד זיך שווער צוגעפּאַסט צו אים. באַרוישט פון דערפאָלג, גרענעצלאָז שטאָלץ און גליקלעך, האָט ער דאָך ניט פאַרגעסן דעם ציל, צוליב וועלכן ער איז געקומען קיין וואַרשע. די קאָנצערטן און דאָס זיין אין וואַרשע האָבן דאָך געדאַרפט זיין אַן עטאַפּ אויף זאַמלען געלט און רעקאָמענדאַציעס, כדי אַוועקצופאָרן שפּעטער אין בערלינער קאָנסערוואַטאָריע. אויך זיין פריינד און לערער מאָניושקאָ האָט אים צוגערעדט צו דער נסיעה. צי איז ער שוין געווען גרייט צו דעם? ער האָט אָנגעהויבן ערנסט צו טראַכטן וועגן דער נסיעה קיין בערלין, אָבער אַ צופאַל, אַ געוויינלעכער צופאַל האָט אַנדערש באַשטימט.

[7] בעת זיין ערשטן זיין אין וואַרשע האָט ער אויך געגעבן אַ קאָנצערט אין שלאָס פון מאַגנאַט פּאַץ (יידיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 5, ז. 565).

## לעגענדע 1

ס׳געהערט צו די פּאַרכאַפּנדיקסטע אייגנטימלעכקייטן פון מענטשלעכן גורל, אַז אַ ניט־פּאָרויסגעזעענער צופאַל רייסט אונדז אָפּט אַרויס פונעם אָנגענומענעם, פעסטן און גראַדן וועג, און מיט איין קלאַפּ גיט ער אונדזער לעבן אַ לגמרי אומדערוואַרטע ריכטונג און אַ פולשטענדיק נייעם אינהאַלט. אָפּט — שוין צו אָפּט — ווערן אַזעלכע ״ספּאָנטאַנע״ ווענדונגען אַן אומגליק פאַרן מענטשן. און ס׳איז אינטערעסאַנט צו זען ווי דער אומברחמנותדיקער גורל האָט געטראָפן דעם ״ווילנער באַלעבעסל״, כדי אויף זיין ביישפּיל דעמאָנסטרירן דעם דוכפאַל פון אַ קינסטלערישער שטרעבונג און דעם אונטערגאַנג פון אַ מענטשלעכער געשטאַלט צוליב דער איראָניע פון אַ ווילקירלעכן צופאַל.

אין איינעם אַ טאָג, בעתן אַרומדרייען זיך אויף די וואַרשעווער גאַסן, פאַרזונקען אין זיינע צוקונפט־חלומות, האָט ער פלוצעם דערהערט די קלאַנגען פון אַ פּיאַנאָ, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַ פענצטער פון אַ גרויס הויז. ער איז געבליבן שטיין, זיך צוגעהערט און דאַן איז ער דרייסט צוגעגאַנגען צום הויז־וועכטער און געפרעגט אויף פויליש:

— ווער שפּילט דאָס אויבן?

— די טאָכטער פון גראַף פּאַשקעוויטש!

— איך בעט אייך, גייט אַרויף אויבן און מעלדעט, אַז איך וויל איר זאָגן אַ וויכטיקע זאַך.

אַ צעטומלטער פון דער דרייסטקייט פון ״מאָדנעם זשידעק״, איז דער הויז־וועכטער, דאָך אַרויפגעגאַנגען איבערגעבן זיין ביטע צו די בעלי־בתים. ער איז גלייך צוריקגעקומען און אַרויפגעפירט דעם ״באַלעבעסל״ אין סאַלאָן אַריין.

אַ שטילער ציטער האָט אים באַהערשט ווען ער איז געגאַנגען אויף די טרעפּ צו ווילד־פרעמדע, מעגלעך אויך פיינטלעך געשטימטע מענטשן. אָבער דער מוזיקער אין אים, זיין באַליידיקט מוזיקאַליש אויער, איז געווען שטאַרקער. ער האָט זיך מער ניט געוואַקלט. אַ רגע איז ער געבליבן שטיין אָן באַוועגונג און דאַן האָט ער אַנטשלאָסן, אונטערן דרוק פון אַן אומבאַוווסטן געפיל, געעפנט די טיר און איז אַריין אין סאַלאָן. ווי נאָר ער איז אַריין אין צימער, וועלכער איז געווען פול געפּאַקט מיט

לוסטיקע און ווילד זשעסטיקולירנדיקע יונגע פּאָליאַקן, האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ געשריי: "וואָס זוכט דאָ דער ייד?"!

פּאַר אים איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז די צעבאַלעוועטע געזעלשאַפט איז גרייט זיך צו אַמוזירן אויף זיין חשבון. יואל דוד האָט אָבער ניט פאַרלאָרן די רו און געפרעגט: "ווער האָט דאָ געשפּילט פּיאַנאָ, איך וויל עפּעס זאָגן".

א ברילנדיק געלעכטער איז געקומען ווי אַן ענטפער. אויפן אומגעהויערן ליאַרם איז פון שכנותדיקן צימער אַריינגעקומען די יונגע גרעפין, אַ באַצויבערנדיקע געשטאַלט, און געפרעגט:

— וואָס קומט דאָ פאָר, חברה, און וואָס וויל אייגנטלעך דער ייד?

יואל דוד האָט איר רואיק און העפלעך אויפגעקלערט, אַז ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט געהערט שפּילן פּיאַנאָ, אָבער ער האָט געמוזט אַרויפגיין, ווייל ער, אַלס מוזיקער, האָט איר געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן אויף אייניקע פעלער.

אומגעדולדיק און בייז, קוקנדיק אויפן "מוזיקער" מיט אַ שפּאָטישן שמייכל, האָט די גרעפין הויך אַ פרעג געטאָן: "וועלכע פעלער?" "וואָס וויל ער?"

— דערלויבט מיר; גנעדיקע גרעפין, זיך זעצן אויף אַן אויגנבליק ביים אינסטרומענט און איך וועל אייך ווייזן.

אַלע זיינען געוואָרן נייגעריק און אַוועק מיטן יידן צו דער פּיאַנאָ אין צווייטן צימער. אַ זיכערער אין זיך האָט יואל דוד זיך דערנענטערט צום קלאַוויר און אַוועקגעלייגט די פינגער אויף די קלאַווישן. אַן שהיות און אָן באַזונדערער אָנשטרענגונג האָט ער אָנגעהויבן צו שפּילן מיט געוואַלטיקער איבערגעגעבנקייט, ווי ער וואָלט פאַרגעסן אין זיך אַליין. אַרום איז שטיל געוואָרן. מוזיק האָט זיך צעקלונגען און אויסגעפילט דעם רוים. פון זיין שפּיל האָט געשטראָמט לעבן, געפיל, אַטמאָספער, אמונה, וואָס האָט טיף אָפּגעהילכט אין וועזן פון דער יונגער גרעפין. די פּאָליאַקן זיינען זייער מוזיקאַליש און נעמען גוט אויף מוזיק. די הויכע קונסט פון יואל דודס שפּילן האָט גערעדט צו זייער געמיט און זיי האָבן ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק; אויך די גרעפין איז געווען באַצויבערט און געזאָגט צו זיך אַליין: "איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט שפּילן

שאָפען אַזוי ווי איצט. וואָס פאַראַ כּישוף שטעקט אין זיין שפּיל. וואָס קומט פאָר מיט מיר״?

דאָס שפּילן איז פאַרענדיקט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ טריומף פאַרן יידן, וואָס איז פּלוצעם אַריינגעדרונגען אין איר געזעלשאַפט. אַ פאַרכאַפּטע, צו דער גרויסער איבעראַשונג פון אירע עלטערן און פריינד, האָט די גרעפין געזאָגט צו יואל דודן, ניט ווייסנדיק ווי אַזוי זיך צו ווענדן צו אים:

— אַ האַרציקן דאַנק. דאָס איז באמת געווען אַ שיין שפּילן, אָן פעלער, וווּנדערשיין און... באַזוכט אונדז נאָך אַמאָל, מיר וועלן שפּילן צוזאַמען...

איינגנטלעך האָט ער איר איינלאַדונג אויפגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. אויף יעדן פאַל האָט ער ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעראַשונג און העפלעך אַ זאָג געטאָן: ״מיט אייער פריינדלעכער דערלויבעניש נעם איך אָן אייער בכבודיקע איינלאַדונג. איך דאַנק אייך זייער, גרעפין״.

— לאָזט ניט לאַנג וואַרטן אויף זיך — האָט די גרעפין געזאָגט און שנעל פאַרלאָזן דאָס צימער. אויך יואל דוד האָט זיך העפלעך פאַרנייגט און איז אַוועק.

ווען ער איז אַרויס אויף דער גאַס האָבן זיינע אויגן אויפגעלייכט און אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך צעשפּילט אַרום זיינע ליפּן. אַ פרייִדיק געפיל האָט צעוואַרעמט זיין נשמה. ניי האָט אים אויסגעזען צו זיין די וועלט, וועמענס ווונדער ער האָט איצט איינגעאָטעמט אין זיך מיט אַ זעלטענער עמפּינדלעכקייט.

אַ מאָדנעם טאָג האָט ער היינט געהאַט. ווי אַזוי דריקט מען אויס אין ווערטער דאָס, וואָס ס׳לאָזט זיך ניט באַגרייפן? גייענדיק לאַנגזאַם איבער דער גאַס, האָט ער ערשט איצט אָביערגעטראַכט די פּאַסירונג. ״ווי אַזוי האָב איך עס געפונען מוט צו טאָן אַזאַ זאַך? וווּ איז מיין איינגעבוירענע עניוות? פון וואַנען, גאָט מיינער, האָב איך גענומען דעם אינערלעכן כּוח צו בלייבן רואיק און זיך ניט פאַרלירן אין מיטן פון די פיינטלעכע בליקן און שטימן, און זיך נאָך זעצן שפּילן? וואָס פאַראַ כּוח האָט מיך געשטויסן צו דעם? אל רחום וחנון״!

״ווי זיי האָבן דאָס זיך צוגעהערט צו מיין שפּילן! איך האָב היינט

פאַרשאַפט כבוד מיין טייערן לערער מאַניושקאַ און איך מוז אים היינט אומבאַדינגט דערציילן וועגן דעם. און די איינלאַדונג פון דער שיינער גרעפין ?... אַ שטימונג ?... אַ קאַפּריז ?... און אפשר ניט ?"...

אַ מידער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און פאַרמאַכט די אויגן. די גאַנצע סצענע איז ווידער אויפגעקומען אין איר גאַנצער לעבעדיקייט פאַר זיין דמיון. יעדע קלייניקייט, יעדעס וואָרט, יעדער זשעסט איז ווידער קלאָר געוואָרן פאַר אים אין געדאַנק. יאָ, יאָ, איך וועל גיין אַהין... מיט איר שפּילן צוזאַמען. ריידן מיט איר וועגן מוזיק... צי איז מוזיק ניט קיין גוטע כישופמאַכערין ?...

איך גיי אַהין מאָרגן. מאָרגן ?... ניין, ניין, איבערמאָרגן. ער באַמיט זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי די קומענדיקע באַגעגעניש וועט אויסזען, דערמאָנט זיך איר שיין פּנים...

דער גאַסן־טומל דערגייט ניט צו אים. פאַרכאַפּט דורך סתירותדיקע געפילן חלומט ער ווייטער...

**אויף די כוואַליעס פון דער מוזיק**

זינט יענעם קורצן מוזיקאַלישן עפּיזאָד איז יואל דוד געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין גרעפישן פּאַלאַץ, האָט דאָרט פאַרבראַכט אַ סך שעהען אין דער געזעלשאַפט פון דער שיינער, ראָמאַנטיש־פאַרפירערישער יונגער גרעפין. ער האָט ווידער געהאַט אויסערגעוויינלעך גליק : ער איז באַשאָנקען און באַרייכערט געוואָרן מיט אַ האַרציקער אויפמערקזאַמקייט.

די געמיינזאַמע אונטערהאַלטונגען, פּירהעטיקע צוזאַמענשפּילן, אויסטויש פון מיינונגען איבער מוזיק, ביכער און אינטערפּרעטאַציעס, האָבן אומבאַמערקט אַרויסגעהויבן פּערזענלעכע געפילן און ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט זייער קעגנזייטיקע נייגונג, וואָס האָט ניט געדאַרפט קיין ווערטער און דערקלערונגען. זיי האָבן זיך נאָר געדאַרפט זען, כדי צו וויסן און פאַרשטיין... אָן ווערטער, נאָר דורכן צויבער פון דער מוזיק, וואָס זאָגט מער ווי מיט רייד וועגן די טיפסטע מענטשלעכע געפילן.

די מוזיק, די קערפּערלעכע נאָענטקייט האָט ביסלעכווייז אַרויסגערופן ביי זיי אַ ליידנשאַפט, פון וועלכער ביידע האָבן זיך צוערשט ניט אָפּגע־

געבן קיין חשבון. דאָס זיצן אַליין באַזונדער האָט בייביידן אַרויסגע־
רופן האַרצקלאַפּעניש און יעדער פון זיי האָט אָפּגעפילט דאָס שיינע אין
זייערע געפילן. אַלץ מער און מער איז פאַרשוואונדן די צוריקגעהאַלטנ־
קייט און די פרעמדקייט. זייער צוזאַמענזיין האָט פאַרלוירן די אויסער־
לעכע שטייפקייט און איז געוואָרן אַ סך אָפנהאַרציקער. די מוזיק האָט
דערמעגלעכט אַ פרייען געדאַנקען־אויסטויש און דעם אויפקום פון די
וואַרעמסטע געפילן. ווידעראַמאָל, ווי דאָס האָט שוין אָפּט פּאַסירט,
האָט די מוזיק אַרויסגעוויזן איר מיטרייסנדיקע מאַכט.

אין אויפריכטיקער ליבע הערט אויף יעדע פרייהייט פון אייגענעם ווילן.
מען געהערט ניט מער צו זיך אַליין. זיך אָפּזאָגן? זיי האָבן אפילו ניט
געקעמפט קעגן דעם. זייה אָבן זך געלאָזט וויגן אויף די מילדע כוואַ־
ליעס פון זייער מוזיקאַלישער אונטערהאַלטונג און פון זייערע אומבאַ־
ווּסטע געפילן.

צי וואָלט ער דאָס געקענט באַזיגן? זיך אָפּזאָגן פון קומען צו איר?
די באַגעגענישן זיינען געוואָרן עפטערע. זיי פלעגן זיך טרעפן אין איר
וווינונג, אין איר מוזיק־צימער. ס׳רוב זיינען זיי געבליבן אַליין, באַזונ־
דער מיט זייער מוזיק, געפילן און געדאַנקען. זיי האָבן זיך פאַרלוירן
איינער אין צווייטן. ניט צום ראַטעווען! ניט די מוזיק איז שוין געשטאַ־
נען אין פאָדערגרונט, נייערט די אויפטרייסלונג פון די פאַרבאָרגנסטע
איבערלעבונגען.

שטילע זיפצן, צופעליקע באַרירונגען פון די פינגער בעתן געמיינזאַמען
שפּילן, פנימער שטראַלנדיקע פון גליק, פאַרבאָרגענע ווונטשן און טרוי־
מען! זיי האָבן געשמייכלט, צופרידענע, זייענדיק נאָענט איינער צום
אַנדערן. אין זייער אינערלעכן וועזן האָט זיך צעקלונגען אַ נייער, איי־
גענער ניגון. די טיר פון זייער געמיינזאַמער חלומות־וועלט האָט זיך
שטיל געעפנט און ס׳האָט זיך אַריינגעשלייכט די ליבע.

זיי האָבן פאַרגעסן אַלץ אַרום זיך. די דרויסנדיקע וועלט איז פאַר זיי
צעפלאָסן געוואָרן ווי אַ נעפּל. יואל דוד האָט אויך פאַרגעסן זיין פער־
זענלעכע וועלט, אין וועלכער ער איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען שטאַרק
פאַראַנקערט: פרוי, קינדער, קהילה, חזנות, קאָנצערטן, בערלינער קאָנ־
סערוואַטאָריע. דאָס אַלץ איז פאַרשוואונדן פון באַוווסטזיין. נאָר די שעהען
נעבן דעם מיידל; ביים פּיאַנאָ, אין איר צימער, האָבן געהאַט אַ ווערט.

אַ צעשטראַלטער פון גליק פלעגט ער יעדעס מאָל פאַרלאָזן איר הויז און אין זיין אומרואיקער פאַנטאַזיע האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו בויען לופט־שלעסער.

צוויי פאַרשיידענע וועלטן!

דערווייל האָט פאַרביידן עקזיסטירט נאָר זייער ליבע, זייער אימפּול־סיוו געפיל פון געהערן איינער צום אַנדערן. און אַזוי האָט יואל דוד זיך פאַרפלאָנטערט אין אַ ליידנשאַפט, זיך ניט אָפּגעגעבנדיק קיין רעכענונג פון די פאָלגן. ער האָט ניט געוווּסט, אַז ער איז אַריינגעדרונגען אין אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער אַ חזן פון ווילנע איז אַ פרעמדער עלעמענט, וואָס וועט אין דער פיינטלעכער שטימונג אַבסאָלוט און אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן ווערן.

מאַניושקאָ האָט נאָכגעפּאָלט יואל דודס האַלטונג מיט געמישטע גע־פילן. צו גוט האָט ער געקענט די איינשטעלונג פון דער פּוילישער אַריס־טאָקראַטיע צו די יידן און ס'איז ניט געווען שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי אָט די קרייזן וועלן באַטראַכטן די חרפּהדיקע פאַרהעלטעניש צווי־שן חזן און דער גרעפין. ער האָט אויך געהערט, אַז יואל דודס אָפּטע באַזוכן ביי דער גרעפין האָבן אַרויסגערופן אומצופרידנקייט און ס'איז געווען קלאָר פאַר אים, אַז די לייט וועלן דאָס לאַנג ניט דולדן. מען האָט דאָרט וואָס אַן אמת גערעדט בלויז וועגן אַ״קאַפּריז״ פון יונגן מיידל, וואָס וועט שנעל פאַרביי, אָבער מען האָט דאָך ניט געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם, וואָס די טאָכטער פון אַ פּוילישן מאַגנאַט פירט אַ ״ליבעלע״ מיט עפּעס אַ צוגערייזטן ״זשיד״. די עלטערן האָבן זיך גע־פונען אונטער אַ שטענדיקן דרוק און מען האָט זיך געוואָנדן צו דער אויטאָריטעט פון פּאָטער.

מאַניושקאָ האָט דערווייל גאָרניט געקענט טאָן, כדי צו פאַרמיידן די אָנ־קומענדיקע קאַטאַסטראָפע. אומזיסט האָט ער זיך באַמיט אָנצוקניפּן מיט זיין שילער אַ געשפּרעך וועגן אָט דעם ענין. ער האָט גערעדט צו טויבע אויערן. איין מאָל האָט ער אים אפילו געוואָלט איבערצייגן מיט דער מימרא: ״אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו״, אָבער אַלץ איז געווען אַרויסגעוואָרפן. מאַניושקאָ האָט איינגעזען, אַז דאָ איז ניטאָ וואָס צו טאָן, אַז דאָ וועלן ניט העלפן קיין שום רייד, קיין שום אַרגו־מענטן צום שכל. ער איז געווען געצווונגען אויסצובאַהאַלטן זיין אומצו־

פרידנקייט און וואַרטן אויפן אַנקומענדיקן שטורעם. איז זיין מורא געווען אַן אומבאַגרינדעטע ?
וואָכן זיינען פאַרביי. די פאַרליבטע האָבן זיך געטראָפן רעגלמעסיק און פאַרגעסן וועגן אַרום, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט.
אָבער די מענטשן אַרום האָבן ניט פאַרגעסן וועגן זיי. די אויפרעגונג צו־ליבן "ראָמאַן" איז געשטיגן מיט יעדן טאָג. די יונגע גרעפין האָט גע־ווּסט וועגן דעם. האָט זי דאָך אויסגעהערט פאָרוווּרפן מצד אירע על־טערן, פריינד און באַקאַנטע, אַז מיט איר אויפפירונג שטעלט זי זיך מחוץ דעם תחום פון איר משפחה, סביבה און פאָלק. זי האָט דאָס געדולדיק אויסגעהערט און... געשוויגן. עס האָבן איר ניט אינטערעסירט קיין שום רייד און אין איר עקשנות האָט די יונגע גרעפין ניט איין מאָל געפּוּווט באַרעכטיקן איר האַנדלונג. אַלע באַמיאונגען צו פאַרמיאוסן אין אירע אויגן דעם "זשידעק" זיינען געבליבן אָן דערפאָלג.

## דער שטורעם

דאָס מזל פון אַ מענטשן ענדערט זיך אָפט צו שנעל.
נאָך דעם ווי אַלע באַמיאונגען ביי דער טאָכטער האָבן ניט געהאָלפן, האָבן די עלטערן זיך גענומען צו יואל דודן. אַלץ אָפטער זיינען געפאַלן אויף זיין אַדרעס באַליידיקנדיקע אויסרופן און באַמערקונגען: "איינ־טרוז", "פאַרכעוואַטער זשיד", "אַרויס פון דאַנען", "קער זיך צוריק קיין ווילנע, דו פאַרשאָלטענער שעדלינג"...
אָט די אָנפאַלן קעגן אים האָט ער מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן. ער האָט זיך ניט געקענט מער אַרויסדרייען פון די שרעקלעכע באַליידיקונגען און עס איז געשען גענוי דאָס, וואָס עס איז געווען צו דערוואַרטן. צי האָט עס געקענט זיין אַנדערש ?
אין אַ געוויסן טאָג, ווען יואל דוד איז ווי געוויינלעך אַוועק צום הויז פון דער גרעפין, האָט מען אים מער אַהין ניט אַריינגעלאָזט. שוין ביים טויער האָט אים באַגעגנט אַ האָגל פון ווילדע און העסלעכע קללות. דאַן האָט מען אים ברוטאַל אַ כאַפּ געטאָן און אַרויסגעוואָרפן מיט געוואַלט

אויף דער גאַס. „אַוועק פון דאַנען אומפאַרשעמטער זשיד, זאָלסט מער ניט וואַגן זיך צו ווייזן פאַר די אויגן, אויב דו ווילסט ניט כאַפּן קיין קלעפּ."

די ברוטאַלקייט האָט אים געטראָפן טאָפּלט: אַלס געליבטן און אַלס ייד. מיטן לעצטן רעשט פון זיין זעלבסטבאַהערשונג, אַ צעבראָכענער, איז ער שנעל אַוועק פון הויז. די ציטערנדיקע פיס האָבן אים אָפּגעזאָגט זייער דינסט און ער האָט אַ סך מאָל זיך געמוזט אָפּשטעלן, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. די טרוימערישע צופרידנקייט פון די לעצטע וואָכן איז מיט איין קלאַפּ פאַרשוווּנדן. די שיינע שעהען זיינען פאַרביי, אַוועק אויף אייביק. אַ ברענענדיקער ווייטיק האָט אויפגעטרייסלט זיין גאַנצן קערפּער. האַסטיק האָט דער פּולס געקלאַפּט אין זיינע שלייפן. „גאָט האָט מיך געשטראָפט".

עס האָט לאַנג געדויערט ביז יואל דוד האָט זיך געפונען אין זיין צימער. דער אָנפאַל איז געקומען צו פּלוצעם, איז געווען אומדערטרעגלעך. ער איז געוואָרן דערנידעריקט און באַליידיקט ביז אין די טיפסטע טיפעניש פון זיין צעטרייסלטן געמיט. זיין מויל איז פאַרשטומט געוואָרן.

## דער מאַן מיטן צעבראָכענעם האַרצן

די נאַכט איז אַריבער. דער טאָג איז געקומען און מיט אים דער אינערלעכער פּחד. אַ געפיל פון שולד האָט אים פולשטענדיק באַהערשט און ער איז ווילד אין כעס געוואָרן אויף זיך אַליין. דער כישוף איז, זעט אויס, צערונען געוואָרן.

בעת ער האָט זיך פאַרטיפט אין די אייגענע מחשבות איז אים באַפאַלן אַן אומגעהויער שולד־געפיל. דער טיפער ווייטיק צוליב דער צעשטערטער פריינדשאַפט מיט דער שיינער, יונגער גרעפין, די שווערע באַליידיקונגען און די איבערגעלעבטע שאַנדע האָבן אים פולשטענדיק דערדריקט און ניט געלאָזט קומען צו זיך. ער איז אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין.

צי האָט יואל דוד געהאַלטן, אַז דאָס אומגליק וואָס האָט אים געטראָפן איז אַ גערעכטע שטראָף פון גאָט פאַר זיינע זינד? צי האָט ער חרטה

געהאַט אויף זיין זינדיקער ליבע צו אַ קריסטלעך מיידל? קיין שום אונטערוואַרפן זיך דעם הייליקן ווילן פון גאָט איז ניט געווען צו זען ביי אים.

ער האָט גענומען אַרויסברענגען קעגן זיך אַליין שמערצלעכע אָנקלאַגעס. אויסברוכן פון פאַרצווייפלונג און האַפענונגסלאָזע קרעכצן האָבן טאָג ווי נאַכט זיך געטראָגן אין זיין צימער. אַלץ האָט אין אים אויפגעברויזט. אויפטרייסלענדיקע שאלות און דערשיטערנדיקע פאָרוואָרפן האָבן אים צעשניטן דאָס האַרץ. אַן אויפגעבראַכטע און צאָרנדיקע שטים האָט אין אים געשריען: "צי האָב איך לחלוטין פאַרלוירן מיין שכל? וווּ איז דער שיצנדיקער כוח פון מיין אמונה? וווּ גיי איך און וווּ שטיי איך? וואָס, רבונו של עולם, איז מיט מיר געשען? צי מעג איך איצט אַרויס־ריידן זיין הייליקן נאָמען?

צי האָב איך געקענט אויף אַזוי וייט זיך פאַרגעסן? מיין עבר, מיין שליחות אַלס חזן, אַלס דערפאָלגרייכער קאָנצערט־זינגער, מיט אַזאַ צוזאָגנדיקער צוקונפט? האָט דער ווייבערישער כוח פון אָט דעם מיידל מיך געקענט אַזוי וייט פאַרבלענדן? צי פאַסט מיר, יואל דודן דעם "ווילנער באַלעבעסל" אַזאַ תאווה?"

וואָס האָט ער זיך אַליין געקענט ענטפערן אויף אָט די שאלות? שרעק־לעכע שעהען. מיט דער פולער קראַפט האָט צוריק אויפגעוואַכט אין אים דאָס צייטווייליק־פאַרשטיקטע יידישע באַוווסטזיין. זיין געוויסן איז צעכוואַליעט געוואָרן און יעדעס מאָל אויפסניי האָט זיך ביי אים צוריקגעקערט דער געדאַנק: "ווי אַזוי האָב איך עס געקענט מאַכן אַזאַ טעות, פאַרנאַכלעסיקן מיין יידישקייט, זיך אָפּזאָגן פון מיינע פלע־נער? אַז אָך און וויי איז צו מיר!"

אַ מוראדיקע שנאה קעגן זיך אַליין, קעגן דער גרעפישער משפחה האָט אים אַרומגעכאַפּט ווי מיט פייערדיקע צוואַנגען. אָן אויפהער פלעגט זיך אַרויסרייסן פון אים: "צי זיינען די אַנדערע בעסער פון מיר? ווייל זיי זיינען רייך? ווייל זיי זיינען פּאַליאַקן און בעלי־בתים אויף זייער איי־גענער ערד? צי וועלן מיר יידן האָבן אַמאָל רו און זיכערקייט?"

אַזעלכע און ענלעכע מחשבות האָבן זיך געטראָגן אין זיין צעפיבערטן מוח. טענות נאָך טענות זיינען אויפגעקומען ביי אים קעגן זיך, קעגן דער וועלט, קעגן גאָט. ער האָט זיך אויך געשעמט מיט דעם, וואָס ער

האָט פאַרשאַפט צער און ווייטיק זיין געליבטער, אָבער צי איז דאָס זיין שולד? מען וויל אים ניט דולדן אין אָט דעם הויז, ניט זען, מען שילט אים און זיין פאָלק... פאַטריאָטן!

דער אָנוואַקסנדיקער האַס האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ נייע אַקטיוו־קייט און אַנטשלאָסנקייט. "גענוג" — האָט ער צו זיך אַליין אויסגע־שריען. — "גענוג"! מיט אַ פריש־אויפגעוואַכטן שטאָלץ, קעמפענדיק צווישן ליבע צו דער משפחה און יראת ה', צווישן האַרץ און שכל, צווי־שן בענקשאַפט צו פערזענלעכן גליק און צוגעבונדנקייט צו דער יידישער מסורה — האָט ער סוף כל סוף צעבראָכן אויף פיצלעך די ליבע צו דער טאָכטער פון גראַף. געענדיקט!

דער פרווו אַרויפצוגיין אויפן דרך הישר האָט אפשר געקאָנט באַפרידיקן אין אים "דאָס פינטעלע ייד", אָבער ס'איז נאָך געבליבן אַ ניט פאַר־ענטפערטע די פראַגע ווי אַזוי זיין ליידנשאַפטלעך געפיל וועט מיט דעם משלים זיין. טיף באַליידיקט אין זיין אייגנווירדע איז זיין גייסטיקער גלייכגעוויכט געוואָרן לחלוטין צעשטערט. די איינזאַמקייט, דאָס זיין אַליין, ווייט פון דער געליבטער און אָן איר נאָענטקייט האָט אַרויסגע־רופן ביי אים אַ מרה־שחורה און ער איז אַלץ אָפטער אַריינגעפאַלן אין אַ מצב פון דערשלאָגנדיקער דערשעפונג.

ווו איז דאַן אייגנטלעך געווען מאַניושקאָ, וואָס האָט געטראָגן אַ גע־וויסע התחייבות כלפי יואל דודן? ביי זיין גאַנצער דערפאַרונג, מענטשן־קענטעניש און פריינדלעכער איינשטעלונג צום יונגן מאַן, האָט ער דאָך ניט געוווּסט ווי אַזוי אים צו העלפן. מאַניושקאָס באַציאונג צו יואל דודן האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז קאַלטער צו ווערן, ווייל ניט נאָר רחמנות, נאָר אויך אַ געוויסער ווידערווילן האָט באַהערשט דעם פּוי־לישן קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט בשום אופן זיך ניט געקענט פילן סאָלי־דאַריש מיטן יידן.

יואל דוד האָט באַקומען אַ נערוון־אָנפאַל. ווי נאָר ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, זיך אַראָפּריידן פון האַרצן פאַר זיין לערער און פריינד, פלעגן זיינע אויגן פול ווערן מיט טרערן און ער האָט ניט געקענט ריידן. אַ טיפע זאָרג איז באַפאַלן מאַניושקאָן. דער מצב האָט זיך פאַרערגערט! וואָס וועט איצט פון אים ווערן? צי וועט דער ייד פעאיק זיין אַראָפּצר־

שלינגען די ביטערע פּיל, אָן פּאַטאַלע קאָמפּליקאַציעס? צי וועט ער קענען איבערלעבן די שווערע דערשיטערונג, בלייבן פעסט און זיך צו־ריקקערן צו אורשפּרונלעכן פּלאַן? ער האָט אַ האַרץ פון אַן אַוואַנטוריסט און איז איצט אויסגעליפערט צו זיינע שטימונגען, אָבער ווי לאַנג וועט אָט דער מצב דויערן? וואָס וואָלט געווען דאָס בעסטע מיטל אים אַרויס־צורייסן פון זיין געמיט־צושטאַנד? אפשר אַן אויספלוג קיין ווין? אָדער אַ קאָנצערט אין וואַרשע? מען מוז אַ פּרווו טאָן. לאָמיר ברענגען נאָך אַ קרבן פאַר אים?

## לעגענדע 2

לעגענדעס נאָך לעגענדעס האָבן פאַרפּאָלגט דעם "ווילנער באַלעבעסל" אַ לעבן לאַנג. לויט אַ צווייטער ווערסיע האָט פּאַסירט אַזוי:
אויף איינעם פון זיינע קאָנצערטן, ווען דער ווילנער חזן איז צום שלוס געשטאַנען אויף דער בינע און ווי געוויינלעך באַשאָנקען געוואָרן מיט א הויפן בלומען, מתנות און אַפּלאָדיסמענטן, און זיין גלייכגילטיקער בליק האָט געוואַנדערט איבער די מענטשן וואָס האָבן זיך געשפּאַרט אַרום אים, איז צום פּאָדיום צוגעגאַנגען מיט אייליקע שריט די יונגע גרעפין און... אויף די אויגן פון גאַנצן עולם אים אָנגעהויבן גלעטן איבער די האָר און קושן... ער גופא האָט ניט געוואַגט די אויגן אויפ־צוהייבן. ציטערנדיק אויפן גאַנצן קערפּער איז ער אויף שנעל אַראָפּ פון דער בינע און פאַרשווונדן הינטער די קוליסן. דער עולם האָט גע־יובלט און גערופן דעם זינגער, אָבער ער האָט זיך מער ניט געוויזן. זיינע געזיכט־שטריכן האָבן באַקומען אַ געשפּאַנטן אויסדרוק, זיינע מעלאַנ־כאָלישע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ נעפּל. ער האָט גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט. א סימן פון אַ מענטשלעכער טראַגעדיע!
צי איז אָט דער עפנטלעכער קוש געווען אַ ספּאָנטאַנע דעמאָנסטראַציע פון דער גרעפין קעגן דער באַליידיקנדיקער האַלטונג פון אירע נאָענט־סטע צו "איר" יידן? צי איז אָט די ניט־איבערגעלייגטע און אפילו סקאַנדאַליעזע האַנדלונג געווען דיקטירט דורך איר אויפריכטיקער ליי־דנשאַפטלעכער ליבע צום יידישן מוזיקער און דערפּאָלגרייכן זינגער?

ניט מיר קענען הײַנט נעמען שטעלונג דערצו און פּסיכאָלאָגיש אַנאַלי־
זירן און אויפקלערן אָט די דערשיטערנדיקע און אויפטרייסלענדיקע
טאַט. צי קען הײַנט װער עס איז דערגרייכן דעם אמת? אין כאַאָס פון
ניט־אויפגעקלערטע פאַקטן און אין דער אומזיכערקייט פון אָביעקטיווע
אורטיילן לאָמיר בעסער זיך באַנוגענען מיט קאָנקרעטע געשעענישן און
דערמאָנען לטובה די גרעפין: איר אינערלעכער, אויפריכטיקער אימ־
פּולס האָט זי געשטויסן צו דערפילן אַ מענטשלעכע פליכט, פאַרבײַגנדיק
איר אייגענעם שטאָלץ.
און װאָס איז געווען דער ניט־פאַרויסגעזעענער רעזולטאַט פון אָט דעם
עפּיזאָד פאַרן העלד פון אונדזער ליבע־געשיכטע?
דער שטורמישער, אומפאַרזיכטיקער אָנגריף האָט װאָס אַן אמת גע־
דויערט בלויז א מינוט, אָבער זײַן װירקונג האָט אָנגעהאַלטן א סך לענ־
גער. ער האָט באַדראָט זײַן אינערלעכע רו, פאַרשאַרפט דעם אינערלעכן
קאָנפליקט און אים צום סוף געטריבן צו דער שוועל פון משוגעת. װײַטיק
און טרויער האָבן באַהערשט זײַן געמיט. דאָס ערשט אויפגעקומענע
לעבנס־געפיל איז אויפסניי פאַרלאָשן געוואָרן. אַ פאַנטאַזיע־װעלט
איז חרוב געוואָרן! ממש גורלדיק!

## דאָס געזעגענען זיך

א סך איז גערעדט געוואָרן אין װאַרשע װעגן װילנער חזן. קלאַנגען זײ־
נען נאַטירלעך אויך דערגאַנגען צו די יידישע קרײַזן אין װילנע, צו
זײַן פרוי און קרובים. פאַרביטערונג, צווייפל, עקל און געוויסע שאָדנ־
פרייד פון בייזוויליקע געמיטער — די מענטשן זײַנען אומעטום גלײַך —
האָבן באַגלייט די ידעות פון װאַרשע. "צי האָבן מיר ניט געוווּסט
פריער, אַז אַזוי װעט זײַן?". "צי זײַנען מיר ניט געווען גערעכט, װען מיר
האָבן אים ניט געוואָלט לאָזן פאָרן?" "װאָס װעט זײַן איצט"?
און װידער האָט די װילנער קהילה געקאָכט װי אַ קעסל. מען האָט אים
פאַרשאָטן מיט בריוו, מען האָט אים דערמאָנט זײַן פרומקייט, אמונה,
כבוד און געפאָדערט, ער זאָל פאַרלאָזן װאַרשע און צוריקקומען אַהיים.
זײַן פרוי האָט אין פאַרצווייפלונג געווילדעוועט. "פאַרוואָס קומט דאָס

מיר ?" — האָט זי יאָמערלעך געוויינט. —" ער איז אַ פאַרמשפּטער! גאָט האָט אים געשטראָפט!"

אין אַן אָנפאַל פון ווילדער אייפערזוכט און שרעקלעכער צעטומלעניש האָט זי אויסגעלאָזן איר כעס צו די פאַרשריבענע מוזיקאַלישע שאַפונגען פון איר מאַן און זיי פאַרניכטעט. אַן אַקט פון אמתער משוגעת און ניט פון פאַרויס באַטראַכטן ווילן![8]

יואל דוד אין וואַרשע האָט ניט געאַנט, אַז זיינע יוגנט־חלומות זיינען אין דערהיים אַוועק מיט די פלאַמען.

ער האָט איצט דורכגעלעבט אַ צייט פון טיפסטער גייסטיקער צעריסנקייט און מאָראַלישער דעפּרעסיע, מחשבות וועגן חטא און מחילה, וועגן

[8] צוליב אָט דער משוגעת זיינען פאַרבליבן אַזוי ווייניק קאָמפּאָזיציעס פון יואל דוד לעווענשטיין. אַנדערע שאַפונגען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך זיין טויט אונטערן נאָמען פון ווילנער באַלעבעסל זיינען אין דער אמתן ניט זיינע. (צ. ב. "מנוחה ושמחה", אין דער „אַנטאָלאָגיע פון יידישער מוזיק" פון חמיה ווינאַווער, עדוואַרד ב. מאַרקס, ניו־יאָרק 1953, נומ. 55). אָבער געוויסע פון זיינע ניגונים און תפילות, (ווי "הביאנו לשלום", "מן המיצר", "ממקומך מלכנו"), וועלכע צייכענען זיך אויס מיט אַ באַזונדערער האַרציקייט, זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל און לעבן צווישן יידישן פאָלק ביזן היינטיקן טאָג, הגם מען האָט פאַר דער צייט פאַרגעסן פון וועמען די שיינע געזאַנגען שטאַמען. דער איבערגעליפערטער מינדלעכער טראַדיציע פאַרדאַנק איך אויך, וואָס מיר האָט אָפּגעגליקט צו אַנטדעקן אַ גרויסע און ווערטפולע יצירה פון "ווילנער באַלעבעסל", וואָס אין איר עכטקייט איז ניט פאַראַן קיין שום צווייפל. אברהם מאַרקוזע פון קאָברין, וועמענס זיידע פלעגט פאָרן יעדעס יאָר קיין ווילנע, כדי זיך דאָרטן "אָנצוזאַפּן מיט אַ פּאָר ניגונים פון "ווילנער באַלעבעסל" פלעגט נאָכן צוריקקומען אַהיים אויסלערנען די גאַנצע משפחה, גרויס און קליין, צו זינגען די ניגונים. זיין אייניקל האָט מיר אין תל־אביב פאָרגעזונגען די יצירה און איך האָב זי נאָטירט און באַאַרבעט פאַר וויאָלאָנטשעל און פּיאַנאָ אונטער דעם נאָמען "אגדה". אַ קאָמפּאָזיציע וואָס רופט אַרויס געוואַלדיקע באַוווּנדערונג: באַצויבערנדיק אין די ענדערונגען פון דער שטימונג. דער ראַפּסאָדיש־רואיקער מעלאָדישער שטראָם ווערט פלוצעם אָפּגעהאַקט דורך שטורמישע טאַקטן, שטאַרק אינטענסיוו אינעם אויסדרוק, באַוועגנדיק זיך צווישן לירישן און טענצערישן, געווינט די יצירה — אין חזניש־חסידישן אידיאָם — בולטע קאָנטורן. אַ פאַרכאַפּנדיקע שאַפונג!

דער רעטשיטאַטיוו (זייט 39) "הבט משמים וראה" איז אַ קאָמפּאָזיציע פון בולטער אָרגינאַליטעט. ער איז איבערגעגבן געוואָרן דורכן קאָמפּאָזיטאָר משה ביק (חיפה), וועלכער שרייבט מיר צו אין אַ בריוו: "...מיין חזן אהרון גומעניוק האָט אין דער קינדהייט געזונגען ביי זיסי בעלזער, יענקל דער הייזעריקער, ווי אויך יענקל ספּיוואַק (יענקל סאָראָקער) און טענאָרוויז ביי ראַזומני. פון די ערשטע דריי האָט ער געהאָט אויך פאַרשריבן דעם "הבט משמים" פונעם ווילנער באַלעבעסל.

גוטס און שלעכטס האָבן בעהערשט זיינע חושים און פאַרטונקלט זיין בליק.
די ברוטאַל־אויפגעצוווּנגענע צעשיידונג, די פאַרלוירן־געגאַנגענע פריי־הייט פון מעשים האָט אָפּגעהאַקט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון זיין קינסטלערישן לעבנס־כוח. אַ פאַרבאָרגענע סטרונע האָט אין אים געפּלאַצט.
דאָס האַרץ אין אים איז צעבראָכן געוואָרן און די ליידן האָבן דערפירט זיינע נערוון צו אַן אומדערטרעגלעכער שפּאַנונג. אַ טונקעלער ווייטיק האָט אים אָן אויפהער געעקבערט.
געשליידערט אַהין און צוריק דורך סתירותדיקע געפילן, געטריבן דורך אַן אומרו און דורך אַ בענקשאַפט, וואָס איר מקור איז פאַר אים געווען פאַרהוילן, האָט ער זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט. ס'איז פאַר אים אוממעגלעך געוואָרן אויסצולאָדן זיין מוזיקאַלישן שפּאַנונג־דראַנג. ער איז געוואָרן אַרויסגעריסן פון זיינע ערשטע גרויסע פּלענער, אויסגע־וואָרצלט און געפּייניקט. ס'האָט לאַנגזאַם אין אים אויפגעוואַכט אַ ברענענדיקע בענקשאַפט צו זיין היימשטאָט, צו זיין אַמאָליקער רעליגיע־זער סביבה (האָט דאָך אין אים נאָך וויברירט דער רעליגיעזער מוזיקער, וואָס ער איז סוף כל סוף געווען), צו זיינע קינדער, פריינד. געפּלאָגט דורכן געוויסן און אויפגעטרייסלט דורך ווייטיקלעכער חרטה האָט ער ביי זיך באַשלאָסן, צונישט מאַכנדיק מאָניושקאָס פּלענער, צו פאַרלאָזן וואַרשע און זיך אומצוקערן קיין ווילנע, כדי זיך אויפסניי אָפּצוגעבן דעם לעבן אין שול און זיין שליחות אַלס חזן.
ער איז געווען זיכער, אַז ער איז שוין גענוג פעסט אין זיין באַשלוס, כדי זיך צו טרעפן מיט מאָניושקאָ דאָס לעצטע מאָל. ווי נאָר יואל דוד איז אַריבער געטרעטן די שוועל האָט אים מאָניושקאָ אָנגעקוקט מיט פולער זאָרג, שאַרף אָבסערווירנדיק זיין פּנים.
— צי האָסטו זיך אויסגעהיילט פון דיין קרענק? — האָט יואל דוד פאַרנומען די שטים פון זיין לערער.
—איך וועל שוין קיינמאָל ניט אויסגעהיילט ווערן— האָט ער געענט־פערט. — איך וועל זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קיינמאָל ניט.
יואל דוד האָט איינגעגראָבן זיין פּנים איןביידע הענט כדי אויסצובאַ־האַלטן זיין ווייטיק און פאַרלעגנהייט.

— הייסט עס, אַז דו ביסט נאָר אַלץ אומגליקלעך ?
— אין מיר, אינעווייניק, איז עס ניט פאַרביי !
— און איצט, וואָס ? ווילסטו ווייטער שטודירן, ווילסטו רעאַליזירן אונדזער ערשטן פּלאַן ?
— צי קען איך עס טאָן ? צי בין איך ניט צו מיד און צעבראָכן פאַר דעם?
— ווען מען וויל עפּעס דערגרייכן, מוז מען גלויבן אין די אייגענע כוחות.




די ערשטע טאַקטן פון דער "אגדה" פאַר וויאָלאָנטשעל און פּיאַנאָ

(זע באַמערקונג 8, זייט 36)

הבט משמים וראה,
כי היינו לעג וקלס בגוים,
נחשבנו כצאן לטבח יובל,
להרוג ולאבד ולחרפה:
ובכל זאת שמך לא שכחנו,
נא אל תשכחנו:
אדוני אלהי ישראל,
שוב מחרון אפך,
והנחם על הרעה לעמך:

(פון תפילת "תחנון" פון מאָנטיק און דאָרנערשטיק)

# הבט משמים וראה

Ha-bet mi-sho-ma-im Ur-e Ki ho-ii-nu le
la — ag wa-Ka-les Ba — go — iim ne-che-shav-nu Ka-
tson la-te-vach yu-val ne-che-shav-nu Ka-tson la-te-vach yu-val
ne-che-schav-nu Ka-tson la-te-vach yu-val la — ha —rog u-le-
a — Bed ne-che-shav-nu Ka-tson la-te-vach yu — val la-ha-
rog u-le-a — Bed ul-ma — Ko ul-cher-po la — ha-rog ul-a — Bed ul-
ma - Ko ul- cher-po ur-chol sot shim-cho lo sho-choch-
nu no no no no al tish- Ko-che-nu no no no no al tish-Ko-
che — nu A-do-noi E-lo-hei iis-ro — el shur me-cha-
ron a-pe — cho ve-hi-no-chem al ho-ro — o le-
a— me— cho ve- hi - no — chem al ho—
ro — o le - a - me— cho

— און איר, טייערער לערער, צי אינטערעסירט איר זיך נאָך אַלץ מיט מיר, צי האָט איר ניט פאַרלאָרן אייער געדולד ?

— יעדער מענטש איז מחוייב אַלזייטיק אויסצונוצן זיינע פעאיקייטן. טאַלאַנט האָט פליכטן כלפּי זיך אַליין.

— איך האָב מיינע אַמביציעס פאַרלאָרן און איך וויל מער גאָרניט דער־גרייכן — האָט יואל דוד אויסגעשריען. — איך וויל מער ניט פאָרן קיין בערלין. איך געהער צו מיין היים, צו מיינע קינדער, צו מיינע וויל־נער יידן, צו מיין שול. עס טוט מיר גאָר שטאַרק וויי, וואָס איך מוז אַנטוישן אייערע דערוואַרטונגען, האָפענונגען און אייער פריינדלעך דער־מוטיקנדיקע באַציאונג צו מיר. איך דאַנק אייך פאַר אייער מי און זאָרג, פאַר אייערע שיינע און גוטע פלענער, וועלכע איר האָט געשפּונען פאַר מיין צוקונפט, אָבער איך וויל אַהיים.

— דאָס איז ענדגילטיק ?

— יאָ !

— אויב אַזוי... אפשר ביסטו גערעכט !

איצט איז שוין מער ניט געווען וואָס צו ריידן און צו טאָן. מאָניושקאָ האָט נאָך געוואָלט אים איבערצייגן, אָבער יואל דוד האָט מער גאָרניט געזאָגט און זיך געזעגנט. אַ טרויס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. מיט אַ לעצטן האַנט־דרוק האָט דער פוילישער מוזיקער זיך געזעגנט מיט זיין שילער.

אויפגעטרייסלט ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון זיין געמיט האָט יואל דוד פאַרלאָזן דעם לערער און זיך צוריקגעקערט אין זיין צימער. ער האָט זיך שוין מער ניט געקלאַמערט אין פוסטע אילוזיעס, זיינע האָפע־נונגען זיינען צערונען געוואָרן. ער האָט זיך געפילט דערשעפּט און אויס־געליידיקט.

שוין לאַנג האָט ער ניט געטראַכט אַזוי אינטענסיוו וועגן זיינע קינדער און וועגן דער היים ווי איצט.

— פאָרן... פאָרן... אַוועקפאָרן פון דאַנען... פאָרן ! אַל תפרוש מן הצבור ! וואַרפנדיק זיך אין נעץ פון פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט האָט ער גע־זוכט אַן אַנטרינונג פון דער פאַנטאַזיע דורך צוריקקערן זיך אין דער רעאַלער עקזיסטענץ. ער האָט געוואָלט אויסטרינקען ביזן לעצטן טראָפּן

דעם ביטערן בעכער — אָפּזאָגן זיך פונעם פאַרפירערישן שיין און פאַר־לאָזן וואַרשע.

פאַרן צוריקקערן זיך קיין ווילנע האָט ער געמאַכט אַ קורצע נסיעה קיין ווין. ער האָט אַזוי פיל געהערט וועגן דאָרטיקן קאַנטאָר, וועגן זיינע ברייט־פאַרמאָסטענע רעפּאָרמעס. אפשר וועט ער זיך עפּעס אויס־לערנען ביי אים? ניט ווייל ער האָט געהאָפט צו געפינען אין ווין זיין טרייסט. דאָס איז פשוט געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע נייגעריקייט, וועלכע האָט זיך אין אים דערוועקט און געטריבן צו דער נסיעה. ער האָט גע־וואָלט זען פנים אל פנים דעם באַרימטן חזן און רעפאָרמאַטאָר סאַלאָ־מאָן זולצער (1804—1890) און הערן זיין דאַווענען און זיין כאָר.

משמעות איז יואל דוד זייער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן דורך זולצערן, וואָס האָט אים באַקענט מיט זיין מוזיקאַלישער שיטה. אָבער דאָס וואָס מיר ווייסן פון חזן יואל דוד גיט אַ גרונט צו זאָגן, אַז דעם "ווילנער באַלעבעסל" איז לחלוטין ניט געפעלן געוואָרן זולצערס אופן פון מוזיקאַליש "באַמאָלן" די תפילות, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף קריסטלעך־קירכלעכע ביישפילן. יואל דוד האָט זיך געשטיצט אויף איז ניט מיין וועג, דאָס איז ניט די שטים און דאָס געזאַנג, וואָס פירט צו גאָט. דאָס איז מוזיק פון דער ערד און ניט מוזיק פון הימל, אַ מוזיק פון שכל און ניט פון האַרץ און אמונה. יאָ, איך בין דאָ אַ פרעמ־דער".

יואל דוד האָט אַן אַנטוישטער און אומבאַפרידיקטער פאַרלאָזן ווין.

צוריקקומענדיק קיין פוילן איז אים ניט געבליבן אַנדערש צו טאָן, ווי אָפּצוטרייסלען דעם וואַרשעווער שטויב פון זיינע פיס און זיך צו באַ־פרייען פון עבר. אַ צעבראָכענער אין גוף און נשמה, מיטן לעצטן פאַר־צווייפלונג־מוט, איז ער צוריקגעפאָרן קיין ווילנע.[9] ער האָט פאַרלאָזט דעם פיל־צוזאָגנדיקן וועג ווי אַ קאָנצערט־זינגער און איז אַנטלאָפן פון אַ הערלעכער צוקונפט. "דו מוזסט זיך דערפון אָפּזאָגן".

[9] די גענויע דאַטע פון זיין אָנקומען קיין ווילנע איז אומבאַקאַנט.

אויך די גבאים זיינען אומרואיק געוואָרן און זייער באַציאונג צו יואל דודן איז געוואָרן אַלץ מער און מער אומפריינדלעך.

וואָס האָט ער געקענט טאָן? ביים זינגען קען מען ניט כישופן. ווער עס פאַרלירט די שטימע קען מער ניט זינגען און דאָ העלפט ניט קיין טאַלאַנט און קיין אַמביציע. יואל דוד האָט סוף כל סוף אַליין דאָס איינגעזען. פון טאָג צו טאָג איז אין אים און אַרום אים געוואָרן אַנדערש. ער האָט מער ניט געפונען דעם וועג צו זיך אַליין. ער איז מער ניט געווען דערזעלבער, ווי ער איז געווען אַמאָל, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

צי האָט מען זיך געקענט פאָרשטעלן יואל דוד לעווענשטיין, דעם באַרימטן ווילנער חזן, אָן אַ קול און אָן זינגען? כדי צו פאַרמיידן ווייטערדיקע אומאַנגענעמלעכקייטן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון חזנות און איז געוואָרן אַ געוויינלעכער, באַשיידענער בעל־תפילה און בעל־תשובה.

**די טראַגעדיע פון דעם פאָטער**

מיטן מאָמענט ווען יואל דוד האָט אויפגעהערט צו זינגען, איז זיין שטאָלץ איינגעבראָכן געוואָרן. ער איז געווען אַ פאַרלוירענער. גאָרניט, אַחוץ די קינדער, האָט אים געקענט דערפרייען, אויפוועקן. דאַן איז געקומען דער אַנטשיידנדיקער קלאַפּ אין זיין פיינפולן לעבן. בעת אַ שוידערלעכער מגיפה, אין וועלכער עס זיינען געפאַלן אַ סך קרבנות, זיינען געשטאָרבן זיינע ביידע קינדער וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. דערמיט האָט אים דער גורל דערלאַנגט דעם טויט־קלאַפּ. אַ האַרצרייסנדיקער יאָמער האָט אַרומגענומען זיין געמיט. די לעצטע כוחות האָבן פאַרלאָזן זיין גוף און נשמה. ער האָט געמוזט אויסטרינקען ביזן דעק דעם כוס פון ליידן.

טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן. "פאַרוואָס, פאַרוואָס, רבונו של עולם, האָבן זיי געמוזט שטאַרבן? צי זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרן פאַר מיינע חטאים?" אַ צעבראָכענער האָט ער געהאַלטן אין איין מורמלען צו זיך: "איך בין שולדיק, זיי מיר, גאָט, מוחל, זיי מיר מוחל!"

די שבעה האָט זיך געענדיקט. א קינה האָט זיך אַרויסגעריסן פון יואל

האָבן אויסגעדריקט אומצוטרוי. אויך איר האַרץ איז געווען צעבראָכן און אירע האָפענונגען אויסגעלאָשן. צי קען מען זיך ווונדערן אויף איר? כאָטש זי איז איצט געווען אַ מענטש אָן ווילן, האָט זי דאָך ניט געקענט פירן קיין פאַלשע שפּיל מיט איר אומגעטרייען מאַן זי האָט ניט געוואָלט אַרויסווייזן קיין געפילן, וואָס זי האָט ניט געהאַט און זי האָט ניט געקענט מאַכן קיין גליקלעכע מינע און אים פריידיק אַרומנעמען. זי האָט אים פיינט געהאַט און אַרויסגעוויזן איר גרענעצלאָזע פאַראַכטונג. זי האָט קוים אויסגעשטרעקט איר האַנט, כדי אים צו זאָגן "שלום עליכם". זי האָט דאָס ניט געקענט אויסבאַהאַלטן. פון דער ערשטער רגע ווי יואל דוד איז אַריבערגעטרעטן די שוועל האָט זי דערקענט מיט דער גאַנצער דייטלעכקייט, אַז קיין מאָל וועט זי שוין ניט האָבן מיט אים קיין רואיקע, פריידיקע שעהען. זי איז געבליבן שטיין האַרט נעבן אים, אים אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס וועט ווייטער זיין מיט אונדז?

אַ ווײלע איז ער געבליבן שטום. איר העפטיקייט האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף אים. לאַנגזאַם האָט ער מיט דער האַנט זיך געריבן דעם שטערן און שטיל געזאָגט:

— איך ווייס ניט, איך ווייס באמת ניט...

— און די מענטשן, אַרום אונדז? וואָס וועלן זיי קלערן? וואָס וועלן זיי זאָגן? ענטפער!

ער האָט אַ צוק געטאָן מיטן אַקסל און ניט רײדנדיק קיין וואָרט איז ער שנעל אַוועק.

— ער איז ניט אין גאַנצן ביים זינען, ער איז קראַנק, מיין גאָט!...

יואל דוד דערהערט הינטער זיך דאָס געשריי, אָבער ער איז געלאָפן ווייטער און ווייטער... אַרום אים האָט געברומט אַ העפטיקער ווינט. מענטשן זיינען שטיין געבליבן און אים דערשטוינט אָנגעקוקט... ער האָט גאָרניט געזען. צי איז עפּעס געווען נעבן אים אין וואָס ער האָט זיך געקענט אָנכאַפּן?

דער צוריקקער האָט ביי אים ניט אַרויסגערופן קיין שום געפיל פון פרייד. פאַרטרויערט און פאַרזאָרגט האָט ער מיט קריטישע אויגן אַריינגעבליקט אין דער וועלט פון וועלכער ער איז דאָ ניט לאַנג אַנטלאָפן. דאָ איז דאָס יידישע לעבן געשטאַנען שטיל, פאַרבליבן אַזוי ווי ס'איז

געוועזן אַמאָל. האָבנדיק פֿאַרלוירן זײַן זעלבסט־זיכערקייט, האָט ער זיך שוין מער ניט געפֿילט ווי ס׳דאַרף צו זײַן אין זײַן שטאָט ווילנע. די מענטשן זײַנען אים געוועזן דערווידער. די אייגענע פֿרוי האָט אַרויסגערופֿן בײַ אים אַ מרה־שחורה. ער האָט זיך ניט געפֿונען קיין אָרט אין ״זײַן״ אייגענער היים. אַלץ איז דאָ פֿרעמד געוואָרן, פֿרעמד ביז צו פֿאַראַכטונג. ער האָט גאָרניט געקענט טאָן קעגן זײַנע אייגענע נעגאַטיווע געפֿילן און זײַנע מאָמענטאַנע שטימונגען. ער האָט פּלוצעם דערפֿילט אַ פּחד פֿאַרן ״זײַן אין דערהיים״. ער האָט זיך דאָ מער ניט געקענט פֿילן גוט.
ריידן האָט ער ניט געוואָלט און דערציילן האָט ער ניט געקענט. (״זיי וועלן דאָס ניט באַנעמען״). איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ שטומער און געווייכט פֿון מענטשן אויף וויפֿל ער האָט נאָר געקענט. ער האָט געקוקט אויף זײַן היים, פֿרוי און קינדער און ער האָט זיך מער ניט געקענט אַרײַנפּאַסן אין דער ראָל פֿון מאַן אָדער אײדעם און פֿאַרטראָגן די טאָג־טעגלעכע אומאויפֿהערלעכע טענות און רמזים פֿון באַקאַנטע, די היס־טערישע שטימונגען פֿון דער אויפֿגערעגטער פֿרוי. דאָס איז געוועזן איבער זײַנע כוחות. ער האָט נאָר געדאַרפֿט אויף אַ רגע אַ טראַכט טאָן וועגן זײַן פֿרוי און אין אים האָט שוין אויפֿגעפֿלאַקערט דער פֿאַרשטיקטער כעס. ער האָט איר ניט געקענט מוחל זײַן, וואָס זי האָט פֿאַרניכטעט זײַנע נאָטן, זײַנע יוגנט־קאָמפּאָזיציעס. וואָס פֿאַראַ רעכט האָט זי געהאַט אַזוינס צו טאָן ?
דערווײַטערנדיק זיך אַלץ מער און מער פֿון זײַן ווײַב, האָט ער זיך אַלץ שטאַרקער צוגעבונדן צו די קינדער. נאָר די שטאַרקע ליבע צו זיי האָט גע־קענט אָוועקרוקן אין אַ זײַט אַלע אַנדערע אומאָנגענעמע עמפּינדונגען. בײַ די קינדער האָט ער געקענט פֿרײַ לאָזן אַלע זײַנע געפֿילן. טרערן זײַ־נען אים געקומען אין די אויגן ווען ער האָט אָנגערירט זייערע הענטע־לעך און געקוקט אין זייערע סאַמעטענע אייגעלעך. די קינדער זײַנען געוואָרן פֿאַר אים די דערפֿילונג פֿון זײַנע בענקשאַפֿטן, פֿון זײַן ליבע און דער ציל פֿון זײַן צערטלעכקייט און פֿאָטערלעכער זאָרג. ער פֿלעגט אָפּ־זיצן לעבן זיי אַ סך שעהען אַ פֿאַרטראַכטער און אָפֿט אַ פֿאַרלוירענער אין חלומות. אַן אַנדערש מאָל פֿלעגט ער זיי נעמען אין די אָרעמס, פֿלעגט זיי האַלדזן און קושן און דריקן זיי צו זײַן אומרויִק האַרץ. אַ פֿאַרליבטער טאַטע ! שעהען פֿון שטראַלנדיקן גליק !

נאָך די טומלדיקע טעג אין וואַרשע איז זיין לעבן אין ווילנע געפלאָסן איינזאַם און מאָנאָטאָן. ער איז אַליין געווען שולדיק אין דעם. אָבער ער איז מער ניט געווען פעאיק און אויך ניט אויפגעלייגט צו שאַפן אַ נייעם לעבנס־אינהאַלט, אויפצובויען אַ נייע אייגענע וועלט אינערהאַלב דער קהילה. עס האָט אים געפעלט די אומבאַדינגטע רו, כדי זיך צוריקצר־קערן צו די פריערדיקע געוווינהייטן. אָבער דאָך האָט ער עס געוואָלט פּרוּוון צו טאָן פאַר יעדן פּרייז.

אין אַ געוויסן טאָג זיינען צו אים געקומען די גבאים פון דער שטאָטשול און געזאָגט:

— יואל דוד, האָסט דיין אורלויב לאַנג פאַרצויגן. איצט איז שוין צייט זאָלסט ווידער איבערנעמען דאָס חזנות און אויפסניי שאַפן אַ כאָר.

— איך בין גרייט אפילו תיכף. רופט צונויף די כאָריסטן אויף אַ פּראָבע. איך וועל קומען.

יואל דוד איז צוריק געוואָרן חזן. אָבער ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַזוי ווי מ׳האָט טאַקע מורא געהאַט, אַז ער איז שוין מער ניט געווען דער, צו וואָס די נאַטור האָט אים געהאַט באַשטימט. די אויפרעגונגען און די גייסטיקע צעטרייסלונג פון די לעצטע חדשים האָבן זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף זיין שטים. דער קול האָט אים שוין מער ניט געפאָלגט ווי אין די פריערדיקע יאָרן. ער האָט פאַרלוירן זיין פריערדיקן פאַרנעם, דעם טעמבר און די אויסערגעוויינלעכע מאָדר־לאַציע־פעאיקייט. מרה־שחורה און דעפּרעסיע, איינזאַמקייט און כסדר־דיקע שלאָפלאָזיקייט האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט ; באַשעדיקט די שטימבענדער און זיינע מעגלעכקייטן צו זינגען. זיינע הויכע טענער זיינען געוואָרן שוואַכער, ער האָט ניט געקענט מער פאַרשטאַרקן זייער אינטענ־סיווקייט און זיין דאַוונען איז געוואָרן בלאַסער און אויסדרוקלאָזער. די מתפללים, וואָס זיינען געקומען אין שול אַריין הערן זייער חזן און זיך פרייען מיט זיין געזאַנג, האָבן מיט שרעק געמוזט פעסטשטעלן די אויפ־פאַלנדיקע ענדערונגען. די מענטשן האָבן געשעפּטשעט איינער צום אַנ־דערן : ״זיין כלי איז מער אין גאַנצן אין אָרדענונג. וואָס איז געשען. צי הערט ער זיין אייגענעם קול. ער ווערט שנעל מיד״. אַלע האָבן דערביי געשריען : ״אַן אומגליק, אַ שרעקלעכע שטראָף פאַר אים״.

## דער וועג צוריק

אויפן וועג צוריק אַהיים איז ער געווען אין גאַנצן אַ פאַרלאָזענער, אַן איינזאַמער. יואל דודס נסיעה צוריק איז געווען אַן אַקט פון פאַרצווייפ־לונג. די ווונד אין האַרצן האָט אים צעפרעסן. ניט צום אויסהיילן! ער איז געוואָרן אַ קרבן פון זיין טרויער. בעת דער גאַנצער נסיעה האָט ער געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט, האָט זיך געשראָקן פאַר מענטשן. ער האָט אויסגעזען בלאַס און מיד און זיין בליק איז געווען אויסגעלאָשן. שוין ניט אַזוי שיין און פריש ווי ער איז געווען מיט אַ צייט צוריק בעת ער איז געפאָרן פון ווילנע קיין וואַרשע. ער איז געווען אַ שאָטן פון זיך אַליין.

די וואַרשעווער תקופה איז פאַר אים פאַרבליבן פול אי מיט שיינע אי מיט ביטערע זכרונות. אַ דאַנקבאַרער האָט ער געטראַכט וועגן זיינע באַגעגענישן מיט דער רייצפולער יונגער גרעפין, וועגן זייער געמיינזאַמען שפּילן, ווען ער איז געווען פאַרכאַפּט פון איר שיינקייט, באַצויבערט דורך איר רייץ און פאַרבלענדט פון דעם זון־שטראַל פון איר ליבע... ווייניקער האָט ער געטראַכט וועגן זיינע דערפאָלגרייכע קאָנצערטן, וועגן יובלענדיקן שטורעם פון די באַגייסטערטע צוהערער. אויך די אויפמונ־טערנדיקע האַלטונג פון מאַניושקאַ איז לחלוטין אָפּגעטראָטן אין הינ־טערגרונט. די איינציקע טייערע זכרונות וואָס האָבן זיך פאַראַנקערט אין זיין געדעכעניש זיינען געווען די שעהען אין צימער פון דער גרעפין, אין דער נאָענט פונעם צוציענדיקן מאַגישן כוח פון דעם מיידל. גוט און גליקלעך האָט ער זיך געפילט אין איר אָנוועזנהייט. דאָס האָט זיך אָבער פאַרענדיקט אויף אייביק! פאַרשווונדן פון זיין לעבן!

אַ מידער, דערגעשלאָגענער און האָפנונגסלאָזער האָט ער זיך דערנענטערט צו זיין היימאַט. וואָס דערוואַרט אים דאָרט?

מיט אַ יום־טובדיקן קבלת־פּנים און מיט האַרציקע ברכות איז יואל דוד לעווענשטיין אויפגענומען געוואָרן בעת זיין צוריקקער קיין ווילנע. צי איז ער באמת ווידער אין דער היים? אין זיכערקייט? ביי זיין מש־פּחה, ביי זיין קהילה?

זיין פרוי האָט אים אויפגענומען אַ בלאַסע און פאַרשעמטע. אירע בליקן

דודס האַרץ ווען ער האָט געזאָגט קדיש. די אָנוועזנדיקע האָבן מיטגע־וויינט: ״יתגדל ויתקדש...״

צי האָט ער געהערט דעם שלוכץ פון דער פּאַריאָמערטער מאַמען? צי האָט ער געוווּסט, אַז זי מאַכט אים, דעם טאַטן, שולדיק פאַרן טויט פון אירע הייסגעליבטע קינדער? ביים קדיש האָט זי פאַרדעקט איר בלאַס פּנים. באַגייסנדיק זיך מיט טרערן האָט זי באַשולדיקט איר מאַן פאַר גאָט און פאַר דער וועלט אין חטא, אַז ער האָט געבראַכט אויף זיי דאָס שרעקלעכע אומגליק.

ער גופא האָט אויפגעשווידערט נעבן איר. זיין מאָגערער, אָפּגעצערטער גוף האָט געציטערט. ער האָט אין ווייטיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און די לאַסט פון אַ מוראדיקן טרויער האָט אים פולשטענדיק איינגעבראָכן. ״דאָס איז מיין שולד, איך האָב געזינדיקט, גאָט דער גערעכטער האָט מיך געשטראָפט, ווי איז צו מיר״.

ווי אַ פרעמדער האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין צימער. עס האָט אים געצויגן צו התבודדות. אַ פאַרשטייפטער פון שבעה־זיצן אויף דער פּאָד־לאָגע האָט ער זיך אויפגעהויבן און פאַרלאָזט דעם חדר. טונקעלע מחשבות האָבן געעקבערט זיין מוח: ״וואָס האָב איך געטאָן? וואָס פאַראַ שלעכטס בין איך באַגאַנגען? ווער וועט מיר געבן טרייסט און גלויבן?״

ער איז געגאַנגען און שווער געאָטעמט. ער האָט געמוזט בלייבן מיט זיך אַליין. עס איז שוין מער גאָרניט געווען, וואָס זאָל אים קענען אויפהאַל־טן. ער איז אַנטלאָפן פון דער ביטערערווירקלעכקייט און דאָ הייבט זיך אָן די לעצטע טראַגעדיע — די טראַגעדיע פון טאַטן.

מיטן טויט פון די קינדער איז זיין אייגן לעבן לגמרי אויסגעלאָשן גע־וואָרן. די זון איז פאַר אים אונטערגעגאַנגען. ער האָט ניט געקענט אי־בערטראָגן דעם גרויסן ווייטיק. זיין פילבאַר געמיט איז ניט געווען גענוג שטאַרק כדי אויסצוהאַלטן דעם שווערן צער צוליבן אומדערוואַרטן טויט פון זיינע קינדער. ער איז געווען לחלוטין אומפעאיק צו קוקן אין די אויגן די טראַגישע פאַקטן און משלים צו זיין מיטן גרויסן בראָך. ער האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג.

אויף אַ שרעקלעכן אופן האָט זיך אויסגעווירקט אויף אים די אינער־לעכע צעטרייסלונג. ער האָט מער ניט געהאַט קיין ציל אין לעבן. איצט

האָט ער געמוזט בלייבן מיט זיך אַליין. מענטשן האָט ער אויסגעמיטן אויך פריער, און איצט? אַ דערווייטערטער פון דער משפחה האָט ער מער ניט געקענט אויסהאַלטן אין דער פוסטער היים. דאָס לעבן צווישן אָט די ווענט, מיט די ליידיקע קינדער־בעטעלעך, איז געווען פאַר אים אומ־דערטרעגלעך. דער תהום צווישן אים און זיין פרוי, מיט וועלכער מען האָט אים צונויפגעפירט אָן זיין הסכמה, איז געוואָרן נאָך גרעסער און איצט איז צווישן מאַן און ווייב געווען אַ טיפער אָפּגרונט. גאַנצע טעג און וואָכן האָבן זיי זיך געקריגט. ער האָט געטראַכט וועגן עבר, האָט אַלץ געזען קלאָר און ווי אַ לייזונג פון מצב האָט ער געזען אַ גט. „יאָ, איך וועל זי גטן און וואָס פריער אַלץ בעסער וועט זיין פאַרביידן".

אָבער דאָ האָט די קהילה זיך ווידער פאַרעקשנט. וואָס? אַ גט אין סטראַשונס הויז. אומדערהערט! ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן! „קיין איין יידישער חזן דאַרף ניט דערלאָזן צו אַזאַ סקאַנדאַל, און אויך דו ניט, יואל דוד לעווענשטיין, געדענק אין דיין טאַטן זכרונו לברכה."

די קהילה־לייט האָבן אַלץ געטאָן, כדי ניט דערלאָזן צום גט און זיי האָבן זיך אפילו געווענדעט צום ווילנער גובערנאַטאָר, בעטנדיק ביי אים שטיצע קעגן דעם בונטאַרישע שריט פון זייער חזן. דער גובערנאַטאָר האָט גערופן צו זיך יואל דודן און אים געפּרוּווט אָפּריידן מיט דער טענה, אַז זיין פאָדערונג זיך צו גטן איז אַ לייכטזיניקייט און אַן אומפאַראַנט־וואָרטלעכקייט כלפּי דעם פאָלק און זיין משפחה. ער האָט אים אפילו געדראָט...

אָבער די לעצטע שרעקלעכע קלעפּ פון גורל האָבן פאַרשטאַרקט אין יואל דודן די עקשנות, דעם גלייכגילט און די רעזיגנאַציע. ער האָט אייפעריק פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט און ניט לאָזנדיק אפילו דעם גובערנאַטאָר ענדיקן זיין דראָונג, האָט ער אויסגעשריען:

— דו ביסט איינער אין אַ גובערניע און איך בין איינער אין צוואַנציק, און אפשר מער, איך האָב קיין מורא ניט פאַר דיר! און איז אַוועק.

ער האָט באַקומען דעם גט.

## די קרענק

ענדלעך איז ער געווען אַליין. מחוץ דער וועלט, ווייט פון שטאָטישן טומל און אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין. ער האָט אָבער לאַנג לאַנג ניט געגאָסן פון זיין אומאָפּהענגיקייט, פון זיין פולער אינערלעכער פרייהייט. אין בין־השמשותדיקן ליכט פון זיין אונטערגייענדיקן לעבן, אַ צעקריגטער מיט גאָט און מיט דער וועלט, האָט ער פאַרלוירן זיין איך. די בדידות פון זיין גייסט האָט אים באַהערשט און אַלע זיינע מחשבות און זכרונות זיינען פאַרזונקען געוואָרן אין חשכות. אין זיין לעבן איז נאַטירלעך געווען אַ ״פריער״, אָבער ס׳איז מער ניט געווען קיין ״איצט״. זיין דאַזיין איז אויסגעלאָשן געוואָרן, פאַרשוווּנדן ווי אַ זייפנבלאָז אין ווייטע, ווייטע מרחקים. אַלץ איז אַן איינערדעניש, אָפּנאַרעריי, גאָרניט. אַ פּוסטקייט און פריידלאָזיקייט האָבן אַרומגע־נומען דעם אָרעמען מענטשן. פול מיט גרענעצלאָזן טרויער, פאַרשפּינט אין גייסטיקער מאַטערניש, האָט ער זיך אַלץ מער צוריקגעצויגן פון דער דרויסנדיקער וועלט. ער האָט זיך פאַר קיינעם ניט פאַרטרויט און ביי קיינעם ניט געבעטן קיין טובה.

די ווילנער יידן האָבן אָבער ניט געקענט צוזען די ליידן און דעם פּיין פון זייער באַליבטן חזן. אין שול און אין דער היים האָט מען אַ סך גערעדט און געטראַכט ווי אַזוי אים צו העלפן. היות ווי ער האָט אויף קיין פאַל ניט געוואָלט פאַרבלייבן מער אין דער וווינונג, האָבן די גבאים געפונען פאַר אים אַ זייטיקן, רואיקן חדר, ווו ער האָט זיך לחלוטין אָפּגעזונדערט און געפירט אַ נזיריש לעבן. די וועלט אַרום האָט מער פאַר אים ניט עקזיסטירט!

אָפטמאָל פלעגן צו אים אַריינקומען מענטשן; באַקאַנטע, כאָריסטן און זיך געבעטן ביי אים, אַפּעלירנדיק צו זיין גרויסער ליבע צום זינגען און צו מוזיק: זינג אונדז עפּעס פאָר! דו קענסט דאָך נאָך זינגען!.

ער האָט גאָרניט געענטפערט. האָט זיי אפילו ניט אָנגעקוקט. די מענ־טשן פלעגן זיך שטיל אַרויסשאַרן פון חדר מיט אַ קורצן ״זייט געזונט״ און אויף דער גאַס זיך זאָגן איינער צום אַנדערן:

— איר האָט דאָך געזען מיט אייערע אייגענע אויגן וואָס פון אונדזער חזן איז געוואָרן ...
— נעבעך, אַ רחמנות אויף אים ...
— איך גלויב ניט, אַז ער וועט זיך אויסהיילן ...
— ער זינגט ניט מער און הערט אויך ניט קיין מוזיק ...
— ער איז אַ פאַרלוירענער ...
— אַ שרעק...
— לאָמיר בעסער ניט ריידן דערפון ...
אַלץ מער און מער איז יואל דוד, „דער ווילנער באַלעבעסל", אַריינגע־פאַלן אין טיפער מרה־שחורה. צי איז ער געווען ביים פולן זינען, אָדער איז ער שוין געווען פאַרזונקען אין דער וועלט פון ווייטע זכרונות? אין דער פאַרלוירנקייט פון זיין עקזיסטענץ האָט ער שטענדיק געהערט די „שטימע פון זיין געוויסן" און דאָס שולד־געפיל האָט אים ניט גע־לאָזט צורו. דאָ ליגט דער מאָמענט פון זיין גייסטיקער צעטומלעניש. אַ געפייניקטער דורכן רוף פונעם שלעכטן, שטראָפנדיקן געוויסן, האָט ער אין זיין אינערלעכן שווייגן אָן אויפהער געפירט אַ דיאַלאָג מיט זיך אַליין. ער האָט זיך פשוט איינגעבראָכן אונטער די סתירות פון זיין לעבן. זיין אייגענע וועלט איז אונטערגעגאַנגען.
איצט האָט ער פאַרמאָגט אַ ווינקל פאַר זיך אַליין, אין וועלכן ער האָט זיך געקאָנט אָפּשליסן, ווו ער האָט געקענט בלייבן זיצן, ווען עמיצער האָט אפילו אָנגעקלאַפּט אין טיר. אָבער נאָר ניט זען קיין מענטשן, ניט ריידן מיט קיינעם. שעהען לאַנג איז ער געזעסן אַ פאַרזונקענער אין זיך, אַ פאַרלוירענער, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן. וואָס האָט ער אייגנ־טלעך געקענט טאָן? דאַווענען? זינגען? לייענען? צווישן די פיר אָפּ־געשלאָסענע ווענט האָט ער געפירט אַ לעבן, פון וועלכן קיינער האָט קיין אַנונג ניט געהאַט. ער האָט געוואָלט בלייבן אַליין און געפינען די איינזאַמקייט. אַלע זיינע בענקענישן און מענטשלעכע האָפענונגען זיינען געווען אויסגעלאָשן. אפשר איז ער באמת ניט געווען גערירט פון זינען, נאָר צוליב די פאַטאַלע איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אין זיך גופא, אין די מענטשן, אין זיין אמונה, אין גאָט?
אַן איבערגעשראָקענער און אין שטענדיקן פחד האָט ער איינגעהילט

זיין גאַנץ וועזן, זיין גאַנצן קיום אין אַ שלייער פון אומרעאַלקייט. ניט־זיכער ביי טאָג און ניט־זיכער ביי נאַכט; פאַרזונקען אין שטילע נאַכ־טראַכטענישן, האָט ער זיך אָפּגעגרענעצט פון דער וועלט און פון מענ־טשן. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין די טיפענישן פון זיין נשמה, האָט זיך לחלוטין אָפּגעגעבן דעם כישוף פון אירע סודות און דער פול־שטענדיקער איינזאַמקייט פון אין־סוף. נאַכט האָט געהערשט אַרום אים... אין אים גופא איז געוואָרן שטיל. שטיל אויך איז געוואָרן אַרום אים.

הגם ער האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן פאַר דער עפנטלעכקייט, האָט די ווילנער קהילה דאָך ניט אָפּגעשטעלט אירע באַמיונגען אים צו ראַטע־ווען; צוריקצורופן אים צו דערווירקלעכקייט. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. — אַן איינזאַמער, ניט ארויסרײידנדיק קיין וואָרט פלעגט ער בלייבן זיצן אין זיין חדר. ווען ער פלעגט אַמאָל אַרויסגיין אין גאַס פלעגט אים באַפאַלן אַ מאָדנער אומרו. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ס׳פילט אים אָן מיט פחד, וואָסערע פרעמדאַרטיקע געפילן דראָען אים צו באַמעכטיקן. דורך אַ סך שלייערס איז ער געווען אָפּגעשיידט פון דער דרויסנדיקער וועלט.

די ווילנער יידן האָבן דאָס געפילט, פלעגן אים לאָזן פאַרבייגיין און מערסטנטייל אים געלאָזט צורו.

מען פלעגט אים ברענגען עסן (ווייניק האָט ער געדאַרפט צום לעבן), אַוועקשטעלן אין צימער און אַוועקגיין. ניט חלילה צוליב דער מורא פאַרן "משוגענעם", נאָר גיכער צוליבן כבוד, וואָס מען האָט אים נאָך אַלץ געשאָנקען.

ווי ווייט ער האָט געקאָנט פלעגט ער אויסמיידן מענטשן אויף די גאַסן. ער האָט ניט געהאַט מער קיין צוטרוי— ניט צו גאָט און ניט צו לייט. בלויז געציילטע מענטשן פלעגן אַריינקומען צו אים. מען האָט דאָך ניט געקענט אים לאָזן אויסגיין איינזאַם אין זיין חדר.

— אַנטשולדיקט — פלעגט מען זאָגן, עפענענדיק פאָרזיכטיק די טיר. — מען קען אַריינגיין אויף אַ ווײַלע?

יואל דוד פלעגט אפילו די אויגן ניט אויפהייבן און איידער ער פלעגט באַוויזן צו זאָגן אַ וואָרט, זיינען שוין אַריינגעקומען יידן, באַקאַנטע, כאָריסטן. קיינער האָט ניט גערעדט און ער פלעגט קיינעם ניט אָנקוקן.

צו וועלכע ווייטקייטן פון זכרונות אָדער דערוואַרטונגען איז געווען גע־ריכטעט זיין בליק? די געסט זיינען שטענדיק געווען איבערגעשראָקן פון זיין איינגעפאַלענעם, בלאַסן פנים און אָפּגעמאָגערטן גוף. זיי האָבן פאַרשטאַנען. זיין שווייגן האָט מער געזאָגט ווי ווערטער און שנעל פלעגט מען פאַרלאָזן דעם חדר פון נזיר. מיט אַ שנעלן: "אַנטשולדיקט, מיר מוזן שוין גיין, אַ גוטן טאָג". און אויף דער גאַס פלעגט מען אופּס־ניי נעמען ריידן וועגן גרויזאַמען גורל, וואָס איז באַפאַלן זייער יואל דודן.

— אַ שרעקלעכער פאַל...

— וואָס האָט געקענט פּאַסירן מיט דעם מענטשן, וואָס האָט אים דער־בראַכט צום איצטיקן מצב?

— די מעשה מיט דער גרעפין אין וואַרשע האָט אים דערפירט צום אומ־גליק ...

— איצט איז שוין פאַר אים ניטאָ קיין שום האָפענונג ...

— ווער ווייסט וואָס אים איז, אַז ער עפענט ניט דאָס מויל ... וואָס קומט פאָר אין אים? צי איז אויך זיין האַרץ אין אים אָפּגעשטאָרבן?

— אַ שלעכטע קרענק... ער האָט פאַרלוירן זיין אינערלעכע גלייכגעוויכט.

און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פלעגן די יידן פאַרטראַכטע אַוועקגיין אַהיים, ווו זיי האָבן מתפלל געווען, גאָט זאָל ניט אָפּטאָן זיין חסד פון אומגליקלעכן חזן, זאָל רחמנות האָבן אויף אים און באַפרייען זיין נשמה פון דער שווערער לאַסט און אים געבן כח איבערצושטיין די נויט און די פיין פון זיינע געדאַנקען. די טעג האָבן זיך לאַנגזאַם געצויגן. עס פלעגט טרעפן, אַז יואל דוד פלעגט פאַרלאָזן זיין ענגן חדר און שטיל וואַנדערן איבער די פאַרלאָזענע, זייטיקע געסלעך. ער האָט נאָר מורא געהאַט, אַז ער זאָל קיינעם ניט באַגעגענען. זיין פריערדיקע גלייכע שטאָלצע האַלטונג איז פאַרלוירן געגאַנגען און ער איז איצט געגאַנגען מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן און אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אויף אָט די זעלטענע שפּאַצירן פלעגט ער זיך אָפּט אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע און שטיל אָנהייבן צו ברומען פאַר זיך אייניקע פון זיינע באַליבטע ניגונים. און דאַן פלעגט פלוצים ווערן נעבן אים אַ געזעמל פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט מיט טרערן אין די אויגן ... זעענדיק מענטשן אַרום זיך, פלעגט ער תיכף אָפּהאַקן און שנעל אַוועקגיין ווייטער.

איין מאָל, זיצנדיק אַליין אין זיין חדר, איז ער אַנטלאָפן אין מלכות פון

טענער, וועלכע האָבן דערוואַרעמט זיינע זכרונות. אַן אינערלעכער קול האָט צו אים געפליסערט: "יואל דוד, זינג ווייטער, א תפילה אָדער אַ פשוט יידיש ליד. האָסט דאָך אַזוי ליב געהאַט צו זינגען... פּרוביר". און ער האָט געזונגען, ווי די שטים זיינע וואָלט ווידער אויפגעוואַכט אין אים. ווי נאָר די מענטשן אַרום פלעגן דאָס דערהערן, פלעגן זיי שנעל צולויפן צום חדר און צולייגן די אויערן צו די ווענט. "ער זינגט, ער זינגט". ווי נאָר ער פלעגט אָבער דערהערן דעם מינדסטן שאָרך הינטער דער וואַנט, פלעגט ע זיך איינקאָרטשן און תיכף אָפּהאַקן.

אין זיין אָפּגעשלאָסנקייט, אין די פינצטערע טעג, וואָכן און חדשים, איז זעלטן געווען אַ ליכטיקער שטראַל, זייער זעלטן! דאָס הייסט ניט, אַז אים האָט באַהערשט אַ ניי געפיל צום לעבן, אָבער ער פלעגט פאַרלירן אויף געציילטע שעהען זיין פּחד פאַר מענטשן און די מורא פאַרן אַרום. ער פלעגט געפינען אַ פאַרבינדונג מיט דער ווירקלעכקייט. אַן אומבאַשטימטער דראַנג האָט אים ווידער געשטויסן צו מענטשן, צו געזעלשאַפט, און דאַן פלעגט ער אַריינגיין צו עמעצן אין שטוב אַריין און, זיצנדיק דאָרט, האָט ער געקענט אומדערוואַרט פאַר אַלע אָנוועזנדיקע אָנהייבן זינגען מיט אַ פולער שטימע. אַן אויגנבליק פון פרייד. אַ מתנה פון הימל. בעתן זינגען פלעגט זיין פּנים שטראַלן און דער טראַגישער אויסדרוק פלעגט פאַרשווינדן. אַ געהיימער כוח פלעגט צוגעבן זיין זינגען שווּנג און פון זיין האַלטונג האָט געשטראָמט ווירדע און שטאָלץ.

ביים זינגען פלעגט ער אָבער מוזן אָפּט אויפהערן, כדי צו כאַפּן אָטעם. און עס פלעגט אָפּט טרעפן, אַז ניט געקוקט אויף דער באַגייסטערונג פון די אָנוועזנדיקע פלעגט ער אויפהערן זינגען אַזוי אומדערוואַרט ווי ער פלעגט אָנהייבן. אַן אַנדער שטימונג איז אים באַפאַלן. ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, פלעגט ער פאַרלאָזן די שטוב און אַוועקגיין צו זיך אין חדר אויף בדידות.

די ווילנער יידן זיינען מיטן גאַנצן האַרצן געווען צוגעבונדן צו זייער "באַלעבסל", כאָטש ער איז שוין פון לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון "באַלעבעסלשן" עלטער. זיי האָבן שטאָלצירט און זיך באַרימט מיט אים און דערפאַר האָבן אַלע געווייטיקט מיט זיין אומגליק. צי האָט מען אים ניט געקענט העלפן? ווו זיינען געווען די דאָקטוירים? די מעדיצין?

מען האָט אים אַוועקגעפירט אין אויסלאַנד און באמת איז אים געוואָרן אַביסל לייכטער. דאַן האָט ער געמאַכט אַ רייזע איבער דער פּראָווינץ, האָט אָפּגעפרישט זיינע זכרונות. דאָס האָט אים אַביסל צעשטרייט, אָבער דאָס האָט לײדער קורץ געדויערט. ער איז ווידער אַריינגעפאַלן אין פריערדיקן מצב. ער האָט ניט געפונען מער קיין פאַרבינדונג מיט מענטשן און ער גופא האָט מער ניט געהערט צו זיך אַליין.

## צום אייביקן פרידן

מיר געפינען זיך ביים סוף פון אַ שווידערלעכער מענטשלעכער טראַגע־דיע. צעפרעסן פון טונקעלע סודות און פאַרזונקען אין פינצטערע דמיר־נות האָט דער "ווילנער באַלעבעסל" ווייטער געלעבט אין פחד פאַר מענ־טשן, פאַרשפּינט אין מחשבות, וואָס זיינען פול געווען מיט רעטעניש, אין א מאָנאָטאָנער איינזאַמקייט. צום סוף האָט זיך אומבאַמערקט אָנ־געררוקט אַ טויטלעכע קרענק: ש ווינדזוכט פון האַלדז.
ער איז ניט באַומרואיקט געוואָרן פון דער געפערלעכער קרענק. ער האָט געוואָלט ענדלעך פטור ווערן פון די ליידן און זיך געווונטשן דעם טויט, ווי אַ דערלייזונג. ער האָט געוווּסט וועגן טויט פון אַנדערע. אין געדאַנק האָט ער געזען ווי זיינע קינדער זיינען געשטאָרבן. צי וועט ער סוף כל סוף זיך פאַראייניקן מיט זיי?
אָבער די גאַנצע ווילנער קהילה, ווי נאָר זי האָט זיך דערוווּסט וועגן זיין מחלה, איז געוואָרן אויפגערודערט. דאָס איז ניט געווען דער ווילן צו טאָן צדקה, נאָר אַן ערנסטע זאָרג צוליב דער קראַנקייט, אַ טיפע ליבע און אויסערגעוויינלעכע פאַרערונג פאַרן געוועזענעם מוזיק־גאון, וועלכער איז געווען אַמאָל דער שטאָלץ פון דער יידישער ווילנע.
מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין וואַרשע, וווּ אַלע גרעסטע דאָקטוירים האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען זיין לעבן. אָבער אומזיסט. ס'האָט מער גאָרניט געהאָלפן. ס'איז געווען צו שפּעט. צום סוף האָבן אַלע אויפגע־געבן די האָפענונג אויף זיין געזונט־ווערן וויל ס'האָט געפעלט דער וויכ־טיקער פאַקטאָר אין היילונגס־פּראָצעס: דער ווילן פונעם פאַציענט לעבן צו בלייבן.

יואל דודס לעבנסווילן איז געווען פּאַראַליזירט. זיין לעבנספּונק איז געווען אויסגעלאָשן.

ער האָט דערגרייכט די לעצטע פאַזע פון זיינע ליידן אויף דער ערד. קיין איין זיפץ האָט ניט פּאַראַטן זיינע ווייטיקן און ליידן. ער האָט געוואָלט שטאַרבן. די לעצטע טובה, וואָס ער האָט זיך נאָך געקענט אויסבעטן איז געווען דער טויט — און דער טויט איז געקומען.

אומצעטיילבאַר איז לעבן פון טויט. מיטן לעצטן טויט־זיפץ האָבן זיך פאַרענדיקט אַלע קאָנפליקטן פון זיין קורצן לעבן. ער איז אַוועק צום "אייביקן פרידן" (קאַנט). קיין שום זאַך האָט אים שוין מער ניט געקענט ווי טאָן אָדער אָפּשרעקן. קיין שום שטרייט מיט זיך, מיט מענטשן, קיין שום פּייניקונגען פון געוויסן, קיין שום פאָרווורפן צו זיך אַליין. דאָס איז דער סוף.

יואל דוד לעווענשטיין איז געשטאָרבן אין עלטער פון 34 יאָר און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין וואַרשע. אַ גרויסער עולם האָט אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. ער איז געשטאָרבן כדי דורך דורות ווייטער צו לעבן אין אונדזער זכרון.

מיט דעם האָבן מיר דערגרייכט דעם סוף פון אונדזער דערציילונג. אין אַ באמת־טראַגישן פינאַל הייבט זיך אַרויס פאַר אונדז די פאַרכאַפּנדיקע און גלייכצייטיק אומגליקלעכע געשטאַלט פון אַ הויך־טאַלאַנטירטן יידישן מוזיקער. דער מענטש איז אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער די רעטעניש אַרום זיין לעבן איז ווייטער פאַרבליבן. צי איז אָט דאָס לעבן אַ לעגענדע אָדער די לעגענדע איז דאָס לעבן ? אַ סך זאַכן אין דער ביאָגראַפיע פון "ווילנער באַלעבעסל", איינגעוועבט אין אמת און סתירה, איז זיכער לעגענדע. אָבער אַ סך וועזנטלעכע שטריכן, ווי זיי זיינען געקומען צום אויסדרוק אין דער דערציילונג, זיינען גענומען פון באַשטעטיקטע פאַקטן און פון פרטים, וואָס מ'האָט זיך איבערגעגעבן פון דור צו דור.

מיט אָט דער דערציילונג האָב איך געוואָלט אַרויסרייסן פון שיכחה דעם אָנדענק פון אַ גרויסן חזן, ערשטראַנגיקן זינגער און באַגאַבטן מוזיקער, איבערליפערן די ווייטערדיקע דורות דעם אָנדענק פון אַ קינסטלער, וועלכער איז דורך אַ קייט פון אומגליקלעכע אומשטענדן, דורך סתירות־דיקע און סודותדיקע גייסטיקע קאָמפּליקאַציעס צעשמעטערט געוואָרן גלייך ביי זיין דערשיינען אויף דער גרויסער וועלט אויפן שוועל פון אַ גרויסער זינגער־קאַריערע.

תל־אביב, יולי, 1958